# שטערן

ליטעראריש-
קינסטלערישער
און פאָליטיש-
וויסנשאפטלעכער
כוידעש-
זשורנאל

8

1935 — מינסק



אנ׳רי באַרביוס

(1874—1935)

דער צענטראל־קאָמיטעט פון אלקפּ(ב) און דער ראט פון די פאָלקאָמיסארן פון פססר טיילן מיט טיפן טרויער וועגן דעם טויט פון דעם אָנגעזעענעם שרײַבער פון פראנקרײַך, פרײַנט פון די ארבעטנדיקע פון סאָוועטנפארבאנד, דעם רומפולן קעמפער קעגן פאשיזם, פאר דער זאך פון שאָלעם, פארן באפרײַען די ארבעטנדיקע מענטשהײַט פון דעם יאָך פון קאפיטאל

# כ׳ אנרי בארביוס,

וועלכער איז געשטאָרבן אין מאָסקווע דעם 30־טן אווגוסט 1935 י.

צק אלקפּ(ב)
ראטפאָלקאָם פססר

## פאריזש, דער „הומאניטע“.
## קאשענען, טאָרעזן, קוטיורען.

א קאָפּיע—מאָסקווע, דער „פּראוודא“.

איך טרויער צוזאמען מיט אײַך איבערן טויט פון אונדזער פרײַנט, דעם פרײַנט פונעם ארבעטער־קלאס פון פראנקרײַך, דעםווירדיקן זון פונעם פראנצויזישן פאָלק, דעם פרײַנט פון די ארבעטנדיקע פון אלע לענדער, דעם טריבון פון אייגהײַטלעכן פראָנט פון די ארבעטנדיקע קעגן דער אימפעריאליסטישער מילכאָמע און פאשיזם — כאווער אנרי בארביוס.

זאָל זײַן לעבן, זײַן קאמף, זײַנע האָפענונגען און פערספעקטיוון דינען אלס בײַשפּיל פארן יונגן דאָר ארבעטנדיקע פון אלע לענדער אינעם קאמף פאר באפרײַען די מענטשהײַט פון דער קאפיטאליסטישער קנעכטשאפט.

י. סטאלין

פראָלעטאריער פונ אלע לענדער, פאראייניקט זיכ!

# שטערנ

№ 8 עלפטער יאָרגאנג 1935 אווגוסט



א. אלעקסאנדראָוויטש

## דער צוקונפט אנטקעגנ*)

געוועזנ טעג. אפ כוואליעס אָנגעפעלצטע—
אונדזער זעגל האָט דער שטורעם אומגעוויגט.
אונ וועל נאָכ וועל האָט אָפגעהילכט אפ פעלזנ,
אונ, צעשעדיקט, אָפגעשוימט צוריק.

עס האָט דער ווינט געוואלגערט אונ געוועלטיקט
אונ אונדזער זעגל וואָיענדיק געוויגט.

איצט גייענ טעג. אונ דורכ קרישטאָל פונ האָריזאָנטנ
עס ליִכט שוינ אופ דער קומענדיקער ברעג.
אינ ראָנגלעניש, אינ מעכטיקייַט, אינ יאָנטעוו
שווימענ אָנ די צוקונפטיקע טעג.

אָ, ראכוועסנ, באזיגטע אונ באקאנטע—
עס ליִכט שוינ אופ דער קומענדיקער ברעג.

פונ ווייַסרוסיש—איזי כאריק

---




*) פונ כ' אלעקסאנדראָוויטשעס בוכ לידער, וואָס דערשייַנט אינגיכנ אינ יידיש, אינ [illegible]

ש. גאָרינער

# בירעבידזשאַנצעס

## צוויי שטראָמען

אפן וועג צום נאכטלעגער האָבן זיי באגעגנט איינעם א יאט מיט א פאצעטישער גע־קעסטלטער קעפּי אראָפּגערוקט אפ די שעלמישע אויגן. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט קעגן זיי ראפּטום, קלוימערשט, שיר ניט פאַרבײַגעגאנגען, דערקאָנט עסטערן, ארומגעכאפּט זי מיט זײַנעביידע לאנגע הענט און אויסגעשריִען:

— א, עסטערקע, טײַערע מײַנע!

ער האָט א ווײַלע געקוקט אפן בלאָנדן און ניט געסטענקעט זיך מיט די רייד.

— דאָס איז דער סקאנדאליסט דײַנער? — א כאפּ געטאָן דעם געלנס האנט אין זײַנע ביידע ברייטע דלאָניעס, געדריקט זי, און געטרייסלט. — געהערט שוין, געהערט! קאָלאָסאל! אומגעהויער! טאָ יעסט, עטאָ נעפּליכאָנאָ!...

עסטערן איז זייער שווער געוואָרן פון דער דאָזיקער באגעגעניש. פאר די עטלעכע כאדאָשים פון איר זײַן דאָ איז אין איר געמיט אויסגעוואָקסן א היפּש ביסל סינע און ליבע צו פארשידענע מענטשן, מיט וועלכע דאָס לעבן האָט איר דאָ צוזאמענגעפירט. דעם דאָזיקן ברייטברוסטיקן הויכן פאצעט מיט דער אראָפּגערוקטער קעפּי אפן געקרײַזלטן קאָפּ, מיט די פײַכטע, קלוימערשט פריילעכע, אינדערעמעסן שמוציקע און פאלשע אייגעלעך, האָט זי אקטיוו פײַנט געהאט. זי האָט אים ניט פארטראָגן פאר זײַן מאניר צו זײַן פאניבראט מיט אלע אונטער אים און איבער אים; זי האָט אים געהאסט פאר זײַן פלינקער פייִקײַט צוצומישן היפּשע פאָרציעס כניפע צו דער פאניבראטסטווע צו העכערע פון אים און נאָך מערער ביטל — צו נידעריקערע.

זי האָט געשוויגן. זי איז הײַנט געווען אביסל צעטומלט. פון דעם בלאָנדנס אומגע־ריכטן קומען אהער, פונעם סקאנדאל אינעם שווארצן באראק, פון דער ניט פארענדיקטער זיצונג.

דער בלאָנדער האָט מיט קויעך א שלעפּ געטאָן זײַן האנט פון פאצעטס פײַכטע, קלע־פּיקע דלאָניעס, און מיט א מאָדנעם טאָן, ווי ער וואָלט זיך דערקונדיקט בא אים וועגן זײַן אָפּשטאמונג, א פרעג געטאָן:

— ווער זײַט איר?

דער פאַצעט האָט אפ אימ געקוקט אונ ניט געוווּסט וואָס צו ענטפערנ, ער האָט אימ ניט פארשטאַנענ.

— איר געפעלט מיר ניט.—האָט דער בלאָנדער קימאַט גלײַכגילטיק א זאָג געטאָנ.

דער פאַצעט האָט א פאַלשנ שמייכל געטאָנ אונ קלוימערשט זייער פאמיליאַר אויסגעשאָסנ:

— גראַנדיעז! קאָלאָסאַל! אָפגעגאָלט מיט דער הויט! דערהארגעט אפ טויט!

— איר געפעלט מיר ניט.—האָט זיכ דער בלאָנדער ווי א קינד בא אימ געבעטנ.

— ניט—איז ניט...—האָט דער פאַצעט מיטאַמאָל געביטנ זײַנ טאָנ. ער האָט שטיל אונ קימאַט באַליידיקט א קוועטש געטאָנ מיט די פלייצעס, א הייב געטאָנ דאָס היטל, אָנגעטאָנ זי לײַטישער אונ קלוימערשט אומאָפהענגיק אוועק פונ זיי.

דעמ בלאָנדנ האָט דעמ פאַצעטס אוועקגיינ א שניט געטאָנ באַמ הארצנ, ווי ער וואָלט א קינד אומזיסט באַליידיקט אונ פארטריבנ פונ זיכ. דאָס איז געווענ אינ זײַנ געוווינהײַט אזוי צו פילנ זיכ נאָכ אזא מינ „שאָס“ אונ ער האָט זיכ גאָרניט געקאָנט העלפנ. ווי אפ צו פארענטפערנ זיכ, האָט ער שטיל א פרעג געטאָנ בא עסטערנ:

— ווער איז ער?

— סעקרעטאַר פונ איבערוואַנדערער-בוי... א פוסטער באָכער... איכ האָב אימ פײַנט.—האָט זיכ דאָס לעצטע קימאַט קעגנ איר ווילנ ארויסגעכאַפּט פונ איר מויל.

— זע איכ שוינ דעמ דריטנ הײַנט,—האָט דער בלאָנדער מיט א טיפנ אָטעמ א זאָג געטאָנ אונ מעכטיק א דריי געטאָנ מיט די פלייצעס—פּאַריכט, ווײַזט אויס, דעמ רוקזאַק דאָרטנ.

זיי זײַנענ געגאַנגענ שטומ. ניט באַקוועמ געווענ עסטערנ צו ריידנ. די באַגעגעניש האָט איר די שטימונג קאַליע געמאַכט. אונ איר פרײַנט איז געווענ פארטראַכט. פאַר זײַנע אויגנ האָבנ זיכ איצט א שטעל געטאָנ די אַלע דרײַ יונגע באָכערימ, וואָס ער האָט הײַנט אינ ביראָבידזשאַנ געזענ. דער ערשטער, דער, וואָס האָט זיי אָפגענומענ פונ דער באַנ, האָט דעמ גאַנצנ וועג געטראָגנ אפ זײַנ צורע א זויערנ שמייכל, ווי א קרומענ שניט, אונ דאָס איינציקע, וואָס ער האָט געקאָנט ארויסלאָפּאָטשענ פונ אָט דעמ קרומענ שניט איז געווענ: „אָט באַלד“. צוגעפירט זיי צומ באַראַק, איז ער געשטאַנענ ווי א גולעמ, געקוקט אפ די איבערוואַנדערער, ווער וואָס פאַרא טשעמאָדאַנעס אונ פעק עס האָט מיט זיכ געבראַכט. ווענ דער סקאַנדאַל איז אויסגעבראָכנ באַמ שוואַרצנ באַראַק, איז אויכ ער דאָ געשטאַנענ אינ רעדל, ווי א צושויער. ווענ ער איז צו אימ נאָענט צוגעגאַנגענ, געוואָלט עפּעס פרעגנ, האָט ער אימ אינ פּאָנעמ ארויסגעהויכט זײַנ „אָט באַלד“. דער „אָט באַלד“ איז פול געווענ מיט שטיקנדיקנ בראַנפנ-גערוכ. דער דאָזיקער יונג איז געווענ שיקער. וועגנ טויערמאַכערנ איז שוינ אָפגערעדט. מיט אימ וועט נאָכ אויסקומענ זיכ באַגעגענענ. ער שלעפּט ארומ זײַנ צונג אינ מויל, ווי די אופראַמערקע האָט ארומגעשלעפּט איר שמאַטע איבערנ דיל. קיינ קלאָר וואָרט קענ מענ פונ אימ ניט ארויסקריגנ. נאָר טשיקאַווער פאַר זייביידנ איז דער דאָזיקער „קאָלאָסאַל! גראַנדיעז! נעסליכאַנאָ! ניט—איז ניט...“ מאָדנע.

— אָט דאָ איז עס!—האָט עסטער א זאָג געטאָנ אונ אָנגערירט אימ לײַכט בא א האַנט.

ער האָט זיכ אומגעקוקט. קימאַט בא די סאַמע נעזער פונ זײַנע קימאַט אויסלענדישע, אפ טאָפּלטע זוילנ, שיכ איז געלעגנ דער צופוסנס פונ א סאָפּקע. ער האָט פאַריסנ דעמ

קאָפּ און געזען: די סאָפּקע איז באַוואַקסן. דער שפּיץ אירער ליגט שוין דערטרונקען אין פּאַרנאַכטיקן טונקל. ער האָט אַראָפּגעלאָזט זייַן בליק און געזען: אַרום דער סאָפּקע וויקלט זיך אַ וועג. עטוואָס ווייַטער פון וועג טראָגט מיט שטילן טומל די בירע אירע שוימיקע וואַסערן. צווישן דער בירע מיט דער באַן־מאַגיסטראַל ליגט צעוואָרפן דאָס שטעטל. לאַ־הישין—ווי צוויי טראָפּן וואַסער. כאָטש—ניין! די סאָפּקע, דער וועג, וואָס זעט אויס, ווי אַ שלייף אַרום איר, די שטיל־טומלדיקע בירע, אַפילע דער ווייַטער הילכיקער פּייַפּ פון עפּעס אַ לאָקאָמאָטיוו אויף דער טראַנס־סיבירער מאַגיסטראַל, דער וווּנדערלעך־פול אויסגע־שאָטענער מיט סמאַראַגדן און רובינען בירעבידזשאַנער הימל,—דאָס אַלץ איז אין לאַהישין קיינמאָל ניט געווען און וועט ניט זייַן. און דאָך שטייט דאָ צעשאָטן לאַהישין... עפּעס איז דאָ ניט אויפן אָרט—אָדער דאָס פּאַסקודנע שטעטל לאַהישין מיט די אָפּענע קלאָזעטן און געפּייגערטע פערד אין מיטן דער הויפּטגאַס, אָדער די סאָפּקע מיטן ווילדן טייַך, מיטן וווּנדערלעכן אויסגעשטערנטן הימל... עפּעס דאַרף מען פון דאַנען וואָס גיכער אָפּראַמען: אָדער די טייַגע, אָדער דאָס שטעטל...

דאָס שטיבל, וווּ עסטער האָט אים געבראַכט צו פירן, איז געווען אַזוי נישטיק און קליין קעגן דעם ראַכוועסדיק צעוואָרפענעם אַרום, קעגן דעם אויסגעשטערנטן הימל, קעגן דעם מעכטיקן פליעסק פון וואַסער, אַז ער האָט עס ניט גלייַך באַמערקט. ער האָט אַ פרעג געטאָן:

— וווּ איז עס?

די טיר איז געווען נידעריק און שמאָל. ער האָט דעם קאָפּ אָנגעבויגן, קוים דורכגע־שלעפּט די ברייטע פּלייצעס מיטן רוקזאַק אויף זיי. אין שטיבל איז געווען גאַנץ ליכטיק, ווערדליק ווי פאַר בירעבידזשאַן, און פול מיט מענטשן. ניט אַזוי פול, ווי ענג.

אַ ייִד מיט אַ שפּיציק גרוילעך בערדל, מיט אַ פּאָר קלוגע אויגן און מיט אַ רויכער־דיקער לולקע אין מויל איז געגאַנגען ערגעץ פון אַלקערל אין קיך אַרייַן. דערזען די אָנ־געקומענע, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן צימער.

— אַ גוטנאָוונט אַ גוטיאָר;—האָט ער אַ זאָג געטאָן, נאָך איידער דער בלאָנדער יונג האָט באַוויזן אַ מויל צו עפענען.—דאָס זייַט איר דער גוואַלדאָוונער סקאַנדאַליסט, דער אַרעס־טאַנט, דער כוליגאַן?... לאָמיר זייַן באַקאַנט... איך בין ברוידע... ייִסראָעל ברוידע... און דאָס איז מייַן ווייַב אַלטע... אויסגעוועגן עק וועלט... ביידע... אַזש אין אַמעריקע... געקומען אַהער... אָט דאָ הויבט זיך אָן די וועלט... איך זאָג איר...

— לאָז אַ מענטשן אין שטוב אַרייַן! וואָס פאַרשיטסטו אים די אויגן מיט רייד, ווי מיט זאַמד...

דאָס האָט אים אַלטע איבערגעריסן.

— פאַרדאָן, פּשעפּראַשעם, עקסקיוזמי, איזוויניטע... איך ווייס ניט אויף וועלכער שפּראַך איז אייַך גרינגער...

אויף ייִדיש—האָט דער בלאָנדער געענטפערט מיט אַ שמייכל און אויף גיך, ווי ער וואָלט מוירע געהאַט, אַז דער ייִד וועט פאָלגן זייַן ווייַב און אַנשוויגן ווערן.

— אויף ייִדיש?—האָט ייִסראָעל ברוידע אויף אַ ווייַלע זיך פאַרטראַכט.—אויף ייִדיש זאָגט מען, דוכט זיך, פּראָסטיטע. אַנטשולדיקט מיר, איך ווייס ניט, וויאַזוי מען איזוויניַעט זיך אויף ייִדיש... איך זאָג: איך האָב ליב פאַר מענטשן זיך באַווייַזן גלייַך אויפן אָרט אַזאַ, ווי איך בין אינדערעמעסן. זאָלן מענטשן אין מיר זיך ניט גענאַרן. איך האָב פייַנט, ווען מענטשן גענאַרן איינע די אַנדערע... איך זאָג באַטאָג צו עסטערן: ברענג מיר אים אַהער,

איכ וויל איפ זענ. דאָס מוז זײַנ פונ מײַנע מענטשנ. אָט איז מײַנ שטוב אונ אָט זײַנענ מײַנע פרײַנט... זעצ זיכ, יונגערמאנ. דאָ טוט זיכ אָפ א וועלט־ארבעט. גוט, וואָס דו ביזט געקומענ אהער. מיר דארפנ בירעבידזשאנצעס...

דער בלאָנדער האָט אראָפּגענומענ דעם רוקזאק פונ די פלײצעס, אָנגענומענ עס פאר די שלײקעס אונ געבליבנ שטײנ דערמיט א קינדיש־אומבאהאָלפענער אינ מיטנ צימער.

— אָט דאָס איז גאָר דײַנ פארמעגנ? אי דאָס איז ניטאָ ווו אוועקצולײגנ אינ בירע־בידזשאנ...—דער ײִד האָט גענומענ דאָס רוקזעקל פונ בלאָנדנס הענט. — איכ שטעל מיכ פאָר,—האָט ער עס א טרײסל געטאָן אינ דער לופט,—א שטיקל זײפ, א האנטעכ, א צאָנ־בערשטל, א גאָלמעסער אונ...—ער האָט א טאפ געטאָנ א פאָר ביכלעכ?.. קוק, אלטע, ווי מענ קומט קײנ בירעבידזשאנ... עכ, ווענ עס גיבנ זיכ א לאָז ארײַנ אהער אזעלכע א הונדערט טויזנט יאטנ!..

— איכ בעט אײַכ פארצײַענ אים,—האָט זיכ ארײַנגעמישט אלטע.—ער איז טאקע פונ דעמ סאָרט מענטשנ, וואָס האָט ליב זײַנ מעשוגאעס באווײַזנ גלײַכ, אינ דער ערשטער רעגע... ער האָט קײנ צײַט ניט. ער האָט מוירע, אז מע וועט אימ נאָכ אָנעמענ פאר א קלאָרנ... מע קענ אויסגײנ פונ זײַנע רײד... גיב כאָטש א בענקל א מענטשנ!

— א בענקל?—האָט ײִסראָעל אונטערגעכאפט,—ביטע, כאָטש א גאנצנ טאפטשאנ! זעצ זיכ יונגערמאנ... הארטלעכ? ס׳מאכט ניט... דאָס איז ניט קײנ טאפטשאנ... דאָס איז א בירעבידזשאנער זאדאטשע... בירעבידזשאנ איז פול מיט אלדעס גוטס אונ מיט הארטע זאדאטשעס... דו ביסט הײַנט געזעסנ א פאָר שאָ אינ דער בירעבידזשאנער קאָטוזקע, האָב איכ געהערט. אָט האָסטו דיר א זאדאטשע... איצט קוק... דאָס איז ניט קײנ טאפטשאנ... איכ וועל דיר באלד ווײַזנ א קונצ... קומ אהער... דו ביסט ניט קײנ סטאָליער? נײנ? נו, דאָס מאכט ניט... דו וועסט אזוי אויכ פארשטײנ... מעסט נאָכ מיר, האָט ער מיט די פינ־גער זיכ גענומענ מעסטנ דעמ טאפטשאנ אינ דער לײנג, צוועלפ פינגערשפאנ... איצט די ברײט... האָבנ מיר זעקס פינגערשפאנ... האָבנ מיר צוועלפ אפ זעקס... צוויי פאמיליעס קאָנ איכ לײגנ שלאָפנ אפ מײַנ טאפטשאנ... איצט קוק אפ דער טיר... ווילסט זי עפשער א מעסט טאָנ? נײנ? מע דארפ ניט? עס זעט זיכ אזוי אויכ אָנ, זאָגסטו?—כאָטש דער בלאָנ־דער איז געשטאנענ אינ מיטנ צימער אונ גאָרניט גיט געזאָגט.—פרעגט זיכ: ווי קריכט אדורכ אזא מינ מאכינע דורכ אזא מינ קאָטוכ־לאָכ? א זאדאטשע, הא? וואָלט איכ געווענ פריִער קליגער, וואָלט איכ די זאדאטשע גערעשעט אזוי: איכ וואָלט אוועקגעשטעלט אָט די ליבהארציקע יערושע מײַנע, אָט דעמ טאפטשאנ, אָנ וועלכנ איכ קאָנ דאָכ קײנ שאָ אינ בירעבידזשאנ ניט לעבנ,—א פילדײַטיקער קוק אינ אלטעס זײַט,— איכ וואָלט אימ אוועק־געשטעלט, דעמ נאכעס מײַנעמ, מײַנ אײנציקע פרײד, דעמ זײדנס אסטאלאפיער דיוואנ אינ סאמע מיטנ בירעבידזשאנער סטעפ אונ וואָלט אימ ארומגעבויט פונ אלע זײַטנ, ארומ אונ ארומ מיט ווענט... בינ איכ אָבער געווענ ניט אזוי קלוג, ווי מענ דארפ פאר בירע־בידזשאנ זײַנ, האָב איכ דאָס שטיבל געבויט באזונדער אונ דער טאפטשאנ, דער הײליקער זײכער נאָכ מײַנע הײליקע עלטעראָוועס, איז געבליבנ דרויסנ... איז ווי זשע האָב איכ אימ אינ שטוב ארײַנגעשלעפט? דו פרווו זיכ אפילע ניט טרעפנ... אָט זאָגסטו: שטיקלעכווײַס... נײנ, ברודערקע... א יערושע האָט מיר מײַנ עלטעראָווי איבערגעלאָזט פונ אײנ גוס... דער טאפטשאנ צענעמט זיכ ניט... א זאדאטשע, הא? נו, שא־שא, אלטע! א סאָפ אנ עק. געענ־דיקט! גרײט צומ טיש. דו דארפסט שוינ ניט רײדנ... איכ זע שוינ אָנ דײַנ פאָנעמ, אז איכ האָב איבערגעכאפט די מאָס רײד... גרײט צומ טיש... א זאדאטשע, יונגערמאנ, הא

באַם עסן האָט דער בלאָנדער געזען אַסאַך טשיקאַווע זאַכן. דער גאַנצער טאָג איז פֿאַר אים היינט געווען אַ גליקלעכער. דאָס לעבן דאָ־הי האָט זיך פאַנאַנדערגעוויקלט פאַר זײַנע אויגן, ווי אַ פאַנאָראַמע.

צום טיש האָט מען דערלאַנגט געפּרעגלטע פיש און געבראָטענעם פאַזאַן.

דער ייִד האָט זיך מיט דער דאָזיקער וועטשערע באַרימט. די ערשטע געריכט איז זײַנס: ער איז אַוועק מיט די יאַטן אַף דער בירעָ און געפּאַקט אַ פּאָר שלײַענס, ווי די קעלבער. עס האָט גאָר אַן אַנדער טאַם דאָס שטיקל פיש, ווען דו דערמאָנסט זיך, אַז דו האָסט אַליין געזען, ווי די שלײַענס האָבן לעבעדיקע אַרומגעפּאַטשט מיט די ווײדלען אין וואַסער. די צווייטע געריכט איז עסטערס. זי איז געקומען אַהער, קימאַט אַזוי, ווי דער בלאָנדער: אַ צעבראָכן קוישל, אַ קישן, אַ שטיקל שפּיגעלע און אַ ביקסל. זי גייט אין וואַלד און שיסט. ס'איז באַ איר אַזוי פּאָשעט, ווי באַ אים די לולקע אָנשטאָפּן. ער לערנט זיך באַ איר שיסן און ער זעט, אַז קיין גרויסער קונץ איז עס טאַקע ניט. אַ שאַרפע ריִע, אַ שטײַפע האַנט און אַ רויִק האַרץ,—דאָס איז גאָר, וואָס מען באַדאַרף ז'ערצו. און ווידעראַמאָל: אַז ער דערמאָנט זיך, אַז דאָס ביקסל האָבן איר אין די הענט געגעבן די כאַווײרים אירע אַ פּרעמיע פאַרן גוטן לערנען זיך אין אינסטיטוט, און געגעבן האָט מען אַ ביקסל, ווײַל אין בירעבידזשאַן באַדאַרף מען אַ שפּײַער און ניט קיין פּעכערל, און אַז די פאַזאַנעס דאָ־הי שפּאַצירן טאַקע אַרום איבער די שטעגן פון דער טײַגע, ווי די ליידיקגייערישע פאַרבענקטע הענער און ווי זיי וואָלטן זיך געבעטן אַף דער בראָטפּאַן, האָט טאַקע דאָס שטיקל אָפּ באַ אים אַ טאַם פון ברייִשיס, פון קאָמוניסטישן ברייִשיס, מיינט ער...

די מענטשן באַם טיש—זײַנע פרײַנט—האָבן געשמייכלט.

דער כאַווער האָדעס אַפילע האָט אויך בײַגעטראָגן צו דער וועטשערע זײַן שטילן קאַרגן שמייכל.

דער כאַווער האָדעס איז אַ גרויסער שווײַגער. זײַן גרויסער שטערן איז גלאַט און פאַרשלאָסן—קיין איין קנייטשעלע דאָרט ניטאָ, כאָטש ער איז שוין אַריבער פערציק,—און זײַן מויל איז שטענדיק האַלב געעפנט. פונדעסטוועגן זאָגן אַלע וועגן אים דאָס פאַרקערטע: דאָס איז אַ מענטש מיט אַן אָפענעם מויעך און מיט אַ פאַרשלאָסן מויל. די פּלענער, וואָס דער מענטש שטעלט צונויף, וויִאַזוי מע זאָל ברענגען אַהער גוטע בויער, די בריוו, די באַריכט־צעטלעך, די פּראָיעקטן, וואָס ער לייגט פאָר, די נײַסן וואָס ער וויל דאָ, אין בירעבידזשאַן אײַנפירן,—דאָס אַלץ איז געוואַגט און אינטערעסאַנט. ווען ער שרײַבט זיי אַרויס אַף אַ פאַרזאַמלונג אָדער אַף אַ מיטינג, וואָלט ער זיכער מיטגעריסן מיט זיך אַסאַך פון דער יוגנט. נאָר ער זאָגט זיי אַרויס שטום. און, דעריקער, אַף פאַרמאַכטע זיצונגען. ער דערלאַנגט זיי אַפן פּאַפּיר. און עס קומט דערפון גאָרניט ניט אַרויס. מען פאַרשטעקט די פּאַפּירלעך אין די פּאַפּקעס און דער כאַווער האָדעס גייט אַרום אַ פאַרומערטער ביז דער צווייטער זיצונג. אַף דער צווייטער זיצונג דערלאַנגט ער ווידער זײַנע פּאַפּירלעך. ווידער שטום. וואַרט ווידער אַף אַן ענטפער. איז ווידער פאַרומערט. ביז דער דריטער זיצונג. אַזוי אָן אַ ברעג און אָן אַ סאָף.

ייִסראָעל ברוידע איז פאַרליבט אין האָדעסן, נאָר אין האַרצן האַלט ער פון אים ניט.

— עך, ווען איך האָב דײַן קאָפּ, דו שטומאַק איינער!—זאָגט ער אָפּט צו אים.

האָדעס איז פאַרליבט אין ייִסראָעל ברוידע, נאָר דאָס האַרץ טוט אים וויי אַף יענעמס דרײַצן מאָס אומזיסטע רייד. ער זאָגט אים גאָרניט. ער טראַכט וועגן אים אַזוי: „סע רעדן

פונ דיר ארויס דרײַצנ דוירעס זאָגער, דו האָסט געדארפט זײַנ א פּאָעט, ביסטו גאָר א שטיקל אינסטרוקטער אינ א מעבל־פאבריקל, וואָס איז אגעוו גאנצ שלעכט אָרגאַניזירט...“

נאָר זיי מוזנ זיכ זענ, די דאָזיקע פרײַנט, כאָטשבי א פּאָר שאָ, כאָטשבי איינמאָל אינ דער וואָכ.

באַם טיש איז אויכ געזעסנ א יונגע סימפּאטישע פרוי. זי איז געווענ זייער מאָגער אינ פּאָנעם, נאָר די אײַנגעפאלענע באקנ האָבנ הייס געבליט מיט א שטארקער רויטפּארב. די אויגנ זײַנענ געווענ גרויס אונ דורשטיק צומ לעבנ, נאָר מיט א פּאָר העל־צעפלאקערטע פלעמעלעכ אינ די שווארצאפּלענ, וואָס האָבנ קיינ גוטס ניט אָנגעזאָגט.

דאָס איז די שווינדזוכטיקע זאָאָטעכניצע הײַלפּערנ.

דער בלאָנדער יונג האָט הײַנט געהאט א גליקלעכנ טאָג: דאָס לעבנ האָט זיכ, ווי א פּאנאָראמע פאנאנדערגעוויקלט פאר זײַנע אויגנ. אינדערפרי—באַמ אָנקומענ, באטאָג—באַ די סקאנדאלנ, פארנאכט—אפ דער זיצונג, אינאָוונט—באַמ טיש, אונ אויכ נאָכנ עסנ, ווענ מענ האָט געדארפט שלאָפנ גיינ, אונ ווענ אלע זײַנענ שוינ געשלאָפנ אפילע.

ווי לאנג מענ איז געזעסנ באַמ טיש איז אלצ גוט געווענ. יעדער איינער האָט זיכ געפילט הארציק־ווארעמ פונ דער פאמיליע־ענגשאפט, כאָטש כוצ ייִסראָעלס מישפּאָכע זײַנענ דאָ אלע פרעמדע געווענ. דערצו איז די הײַנטיקע וועטשערע באפארבט געוואָרנ מיט א שטילנ סאָד. דער סאָד האָט געשטעקט אינעמ בלאָנדנ יונג. דאָס גאנצע שטעטל האָט ווענג אימ פונ אינדערפרי אָנ גערעדט. מענ האָט אפ אימ געטײַט מיט די פינגער, מענ האָט נאָכגעשיקט נאָכ אימ בליקנ—נײַגעריקע אונ דורשטיקע, מע האָט אפ אימ ארופגעהאנגענ געשיכטעס איינע פּיקאנטער פאר דער אנדערער. די אומגעריכטע באגעגעניש זײַנע מיט עסטערנ אונ דער אויפנ, ווי ער האָט זי פאר אלעמענ אינ די אויגנ אפ די הענט געטראָגנ, איז צו פארנאכט פאר די מענטשנ אינ שטעטל שוינ געוואָרנ אנ אומישנעדיקע, א פונ פריִער אָפּגערעדטע. די ווײַטערדיקע אנטוויקלונגענ פונ די געשעענישנ האָבנ נאָר פארשטארקט אָט די סוואָרע. געזעסנ אינ דער קוטוזקע א פּאָר שאָ איז ער, לויט אלעמענס מיינונג, שוינ אויכ אומישנע—קעדיי צו זענ, ווי מע באהאנדלט דאָ נאָרוואָס אָנגעקומענע איבערוואנדערער. דעמ עמעסנ פּאָנעמ זײַנעמ האָט ער אפ איינ מינוט א באווײַז געטאָנ אפ דער זיצונג באַמ כאווער בערל. אזוי ארײַנזאָגנ דעמ כאווער בערל אליינ האָט נאָכ קיינער ביז אימ ניט געוואגט. די קאָרט האָט זיכ געעפנט: דאָס איז ניט קיינ פּאָשעטער איבערוואנדערער, דאָס איז געקומענ אנ אָנפירער אונ גראָד פונ די גרויסע, אויב ניט דער סאמע גרעסטער... אפ באקאָנענ זיכ מיט דער ארבעט, — פארשטעלט ער זיכ דערווײַל אלס איבערוואנדערער. דער דאָזיקער קלאנג האָט זיכ זייער גיכ פארשפּרייט איבערנ שטעטל אונ איז גלײַכ טיפ ארײַנגעוואָקסנ געוואָרנ אינ באָדנ, געלאָזנ וואָרצלענ... מענ האָט דערציילט אינ זײַנ נאָמענ, אז אימ געפעלט ניט, ווי בירעבידזשאנ בויט זיכ. מענ האָט דערציילט—אונ די דערציילער האָבנ אליינ ניט באמערקט אז דאָס, וואָס זיי קלײַבנ זיכ איצט דערציילנ, האלטנ זיי נאָכ אינ אויסטראכטנ דאָ אפנ אָרט טאקע; אזא איז דער געזעצ פונ פּסיכאָז־מעסיקנ ליגנ־זאָגנ—אלזאָ, מענ האָט דערציילט, אז ער האָט זיכ זייער שלעכט אָפּגערופנ וועגנ דער גאנצער אָנפירונג אונ ער וועט זי ארויפנעמענ. אייניקע האָבנ זיכ דערמיט געפרייט, אנדערע—פארומערט געווענ, אונ אלע—אופגעשרויפט. צו פארנאכט איז, עמעס, קלאָר געוואָרנ, אז ער איז גאָר אנ אויסלענדישער איבערוואנדערער, אונ, ווי באוווּסט, פירט מענ ניט ארײַנ קיינ אָנפירער פונ אויסלאנד.

האָט זיכ אָבער אינ דער זאכ ארײַנגעמישט אורעמל אוטיל אונ „אויסלאנד“ האָט גלײַכ באַקומענ גאָר אנ אנדער פּאָנעם.

— אזוי גאָר!—האָט אורעמל אוטיל א וואָרפ געטאָנ זײַנ וואָגיק וואָרט אינ רעדל מענטשנ.—מענ פירט ניט ארײַנ! פונ ווענ אָנ ביסטו עס געוואָרנ אזא גוואלדאָוונער ווייסער? די פּאָליטביוראָ האָט דיר דורכ דער ראדיאָ געגעבנ צו וויסנ? מענ פירט, ברודער, ארײַנ אונ מע פירט, ברודער, אכוויס, אויב מענ דארפ נאָר...

אורעמל אוטיל איז קוריער אינ אויספירקאָמ. ער שטייט אָפט בא דער טיר אונ, פארשטייט זיכ, אז ער הערט אָפטמאָל זאכנ, וואָס ניט אלע ווייסנ עס. ער ווייס, ווי צו פארהאנדלענ דאָס געהערטע, ער נעמט דערפאר אנ אומשולדיקנ „כאבאר“: אווטאָריטעט פונ אנ אלצווייסער. דאָס איז אימ א שטיקל טרייסט פאר זײַנ בעלמע אפנ אויג אונ אויסגעדארטער קרומער לינקער פוס. ער קלײַבט דעמ אווטאָריטעט, ווי א קארגער בעטלער די גראָשנס—קופערשטיקל צו קופערשטיקל,—אז ער וועט אימ אָנקלײַבנ גאָר אסאכ, וועט ער זיכ דעמלט ערשט רעכט נויקעמ זײַנ אָנ די בירעבידזשאנער ווײַבער, וואָס ווילנ זיכ ניט אומקוקנ אפ אימ—ער וועט נעמענ די שענסטע פונ זיי פאר א ווײַב אונ וועט לאכנ פונ דער וועלט.

אָבער צומ בלאָנדנ יונג זײַנענ די אלע מײַסעס ניט דערגאנגענ. צו עסטערנ, כאָטש זי האָט שוינ בעסער געקאָנט די היגע מענטשנ—אויכ ניט. מענ האָט זיכ געהיט פאר זיי. אונ מענ האָט זיכ גאָרניט געדארפט היטנ אויכ. זיי זײַנענ אינ דעמ טאָג געוועזנ פארנומענ מיט זיכ.

עסטער איז געווענ גליקלעכ מיט זײַנ אָנקומענ. זעקס יאָר איז אריבער, ווי זיי האָבנ זיכ קינדיש־פארשעמט געשיידט. זי איז פאר דער צײַט ארויס אפ אייביק שוינ פונ איינ וועלט—פונ דער קינדער־וועלט—אונ ארײַנגעטראָטנ אינ א א צווייטער—איר יוגנט איז אָנגעקומענ. אונ אָט איז ער ווידער דאָ, ווי א כאָלעמ אפ דער וואָר...

דער בלאָנדער איז געווענ אינ הארצנ גליקלעכ, וואָס אינ אזא יונגנ עלטער איז ער שוינ דערגאנגענ ביז אָט דעמ סאמע ווײַטסטנ ראנד פונ אונדזער ריזיקנ היימלאנד. דער מענטש האָט זיכ אינ גאנצנ ראטנפארבאנד געפילט ווי בא זיכ אינדערהיימ, נאָר דאָ איז נאָכ עפּעס צוגעקומענ: דער היגער קאנט איז גרויס, די באפעלקערונג זייער שיטער, די רײַכקײַטנ—ריזיק אונ ליגנ אײַנגעשמאָלצנ אינ דער ערד... פאראנ איבער וואָס זיכ אָנבויגנ... אונ פאראנ דאָ, אפּאָנעמ, עכטע מענטשנ אויכ... שיטערלעכ, אָבער פאראנ! דער ייִד איז טשיקאווע, דאָס זעט זיכ אָנ פונ ערשטנ בליק. ער האָט א שפּראַכ אונ עפּעס וויל ער זאָגנ. זײַנ אלטע איז סימפאטיש אינ איר כארפע מיט איר מאנס ווײַבערשער בארײדעוודיקײַט... דער „שטומער“ האָדעס מוז זײַנ אנ אראָפּגעשלאָגענער פונ וועג „טשודאק“, די יונגע זאָאָטעכניצע, וואָס בליט אזוי האסטיק אינ איר שווערער קרענק איז ליב אינ איר שעמעוודיקנ באקלאָגנ זיכ אפנ שוואכנ געזונט, וואָס דערלויבט איר ניט זיכ רײַסנ מיט די היגע בלינדע ביוראָקראטלעכ אונ פארנעמענ גרעסערע עקספּערימענטנ אינ דער פּיצוכט... עסטער איז פרעכטיק... אויסגעוואקסנ, אויסגעפורעמט זיכ אונ דער כאראקטער האָט זיכ, דוכט זיכ, באָר וואָס אָנגעשטאָלט, נאָר וואָס פארהארטעוועט. עס איז דאָ מיט וואָס צו האקנ א פּעלדז... אינ וואָס זשע גייט עס דאָ?—האָט דער יונג טאר זיכ באמ וועטשערע־טיש געטראכט—פארוואָס זעט דאָ אויס דער ייִשעוו אזוי געמיינ קליינשטעטלדיק,—אזוי גאָלעסדיק־אָרעמ? וועלכנ טויגעניכטס, צו אלדי שווארצע יאָר, איז געגעבנ געוואָרנ דאָס רעכט צו ברענגענ צו שלעפּנ אהער.די .מיסט פונ דוירעס? ניינ, עפּעס איז דאָ ניט גלאט... נאָר די מענטשנ באמ

טיש זײַנען ליב און ציקאווע און דאָס „ניט גלאטע" לייגט ער אָפּ אפ שפּעטער, אפ מאָרגן...

צוריקגעקערט צו דער רעאלער מינוט באם טיש, האָט אים די ליבע דינגעניש, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פארן „נאכט מאכן".

די טרויעריק־בליִענדיקע הײַלפּערן האָט דאפּקע געוואָלט נעכטיקן דרויסן. זי ווערט זיך גוט אײַנהילן אין איר ווארעמען פּעלץ. פאר די פיס האָט זי וואָליקעס. פאר איר געזונט איז גאָר גלײַכער צו נעכטיקן דרויסן, אפ דער פרישער לופט. נאָר אלע האָבן געזען, אז דאָס איז ניט מער ווי אופריכטיקער און באשיידענער גוטער ווילן ניט ענג מאכן מענטשן, וואָס זײַנען מיט גאָרניט ניט שולדיק אין איר שווערער קרענק.

עסטער האָט אויך געוואָלט נעכטיקן דרויסן. בא א שײַטער. זי האָט גערעדט נאָר וועגן זיך, אָבער איר פארשעמטקײַט האָט איר גלײַך ארויסגעגעבן: אלע האָבן געזען, אז זי וויל זײַן אליין מיטן געקומענעם פרײַנט אירן באם שײַטער א גאנצע נאכט.

אנטשיידט די פראגע האָט יִיסראָעל.

ער האָט עטלעכע מאָל א פּעכקע געטאָן פון זײַן ליולקע, באקוקט אלעמען, געשמייכלט, ווי ער וואָלט געוווסט, וואָס יעדער איינער פארלאנגט און א זאָג געטאָן:

— מאלע, וואָס אײַך ווילט זיך! דאָ איז ביראבידזשאן... און דאָ בין איך באלעבאָס. פאראן געלעגערס פאר אלעמען... אלטע שלאָפט מיט די קינדער... כאווערטע הײַלפּערן שלאָפט אפ אלטעס אָרט... האָדעס גייט צו זיך אפן בוידעם... ער אפ א בוידעם איז, ווי א פיש אין וואסער: ס'איז דאָרט שטיל און גאנץ ביראבידזשאן זעט זיך פון דאָרט... און איך מיטן כאווער... פארגעסן פרעגן דײַן פאמיליע...

— ביטערטראָפּן.

— ביטערטראָפּן? פאר א גראפּ פאסט אזא פאמיליע... מירן זיך אן אייצע געבן...

די נאכט איז געווען שטיל.

דער וועטער איז געווען אומבאשטימט.

דער זומער איז שוין געהאט אוועק. די נעכט האָבן זיך אָנגעהויבן אָנגיסן מיט קעלט, אָבער דערווײַל מיט גאנץ לינדער נאָכ. ניט געווען נאָכ די שארפקײַט פון שפּעטהארבסטיקן ווינט, ניט געווען נאָכ די שנײַדיקײַט פון די ערשטע פרעסט. די גרויסע רעגנס זײַנען אדורכ, ווי אלע יאָר, אין יונ, אין יול. אין אווגוסט האָט זיך צעבליט דער שפּעטער האסטיקער זומער. ער האָט זיך געצויגן ביז סאָפ אָקטיאבער, ביז אָנהויב נאָיאבער. אין די סאָפ־אָקטיאבער נעכט האָט ניט איינמאָל זיך א קײַקל געטאָן דורכ דער טײַגע א ריזיקע ווארעמע כוואליע. די טײַגע האָט אפסנײַ אופגעבליט, דאָס לאנד האָט אפסנײַ אופגעלעבט — אלע קאָלירן פון ספּעקטער האָבן אין די באגינענס און פארנאכטן געשפּילט אין די געוויקסן און בלומען, ווי אין וווּנדערלעכן דאָרעם איז דער הימל באטאָג געווען אומענדלעכ הויכ און באצויבערנדיק לויטער און רויִק. פּרעכטיק איז דאָ געווען דער פּולזוניקער הארבסט און געהאלטן האָט ער זיך לאנג, ביזן סאמע ווינטער. די יענע נאכט איז געלעגן, ווי אן אומהאפטיקער בריקל אריבערגעוואָרפן פון פּולזוניקן זומער דירעקט צום טרוקענעם, שארפן, אָבער אויך פּולזוניקן ווינטער.

— אָט דאָ וועט זײַן גאָר גוט, — האָט א ווײַז געטאָן מיט זײַן פינקלדיקער ליולקע יִיסראָעל אפ א ווינקל, סאמע צופוסנס דער סאָפּקע, ניט ווײַט פון שטוב. — ס'וועט קיין ווינט ניט זײַן הײַנט, און טאָמער וועט ער יאָ זײַן וועט ער אהער ניט דערלאנגען צעבלאָזן... — ער האָט געבראכט צו שלעפּן צוויי גרויסע פלאכשטיינער און אווקגעשטעלט זיי פוןביידע זײַטן שײַטער. — דאָ קאָן מען אפילע א גאנץ געשמאקן כראָפּע טאָן אויך.

צעבלאָזו... צעבלאָזנ? ווילסט עפשער פארויכערנ? איכ האָב נאָכ א ליולקע... איכ האָב א ציגארנשפיצ. דו רויכערסט ניט? איכ האָב מיר מײַנ קוק אפ דעמ: אינ א טויזנט יאָר ארומ וועט עס עפשער אויסזענ אזוי ווילד, ווי א רינגל אינ דער נאָז... טאקע אינדערעמעסנ: א לעבעדיקער מענטש גייט אונ בלאָזט פונ זיכ א רויכ... נאָר איצט... סע העלפט אמאָל צו די נערווונ...

ער האָט אויסגעשפרייט נעבנ שײַטער א פעלצ.

— לייג זיכ צו...

ער האָט דערנעבנ אויסגעשפרייט נאָכ א פעלצ, זיכ צוגעזעצט אפ די קני. א ווײַלע האָט ער געקוקט אפנ פײַער, געפעכקעט מיט זײַנ לולקע, געשארט די קוילנ, פאריכט, געשוויגנ. שווער געשוויגנ. דעמראָזיקנ מענטשנ האָט דאָס שווײַגנ געקאָסט מער מי אונ ענערגיע איידער דאָס ריידנ. דער בלאָנדער יונג האָט אפ אימ שטומ געקוקט. אימ האָט זיכ געדוכט, אז אָט שפרייט אויס דער ייִד די פעלצנ, אָט שלעפט ער אָנ אהער נאָכ אביסל וואליאָזניק, אָט שטאָפט ער ווידער אָנ זײַנ ליולקע, ציט זיכ אויס באמ שטילנ אונ פריילעכנ שײַטער אונ רעדט מער קיינ וואָרט ניט ארויס. דאָס וואָלט געווענ א שאָד. די ערשטע נאכט אינ בירעבידזשאנ ווילט זיכ ניט שלאָפנ... די געהירנ זײַנענ אײַנגעשלאָסנ אינעמ נאָר וואָס פארשווונדענעמ טאָג, אינ די געשעענישנ בא די באראקעס, אינ די ראָזעווע אונ פיִאָלעטעווע קאָלירנ פונ די נאָענטע בארגשפיצנ אינ דער שײַנ פונ דער אונטערגייענדיקער זונ, אינעמ צעוואָרפענעמ שטעטל צווישנ דער בירא אונ טראנסיבירער מאגיסטראל, אינ אָט דעמ ריזיקנ דיסאָנאנס צו דער היגער פרעכטיקער נאטור... איצט איז דאָס אלצ אײַנגעהילט אינ פינצטערניש. ארומ איז שטיל. אונ אויב דער ייִד וואלגערט זיכ אוועק באמ שײַטער אונ שלאָפט אײַנ, בלײַבט אימ סײַדנ ארויסנעמענ „ראָבינזאָנ“ פונעמ רוקזאק אונ דורשטיק נאָכשפירנ דעמ געשלעג צווישנ די ענגלישע מאטראָסנ אפנ וויסטנ אינדזל... אנ ארבעט א באליבטע, אָבער ניט אפ איצט... ער האָט דעריבער קימאט ווי קעגנ זײַנ ווילנ א שאָט געטאָנ א הויפנ פראגנ צו ייִסראָעלנ:

— איר זײַט שוינ לאנג דאָ?

— דערציילט מיר, וואָס איז עס פאר א לאנד, דאָס בירעבידזשאנ?

— ווער זײַנענ די מענטשנ?

— ווי לעבט זיכ דאָ?

— ווי גייט דאָ די בויונג?

— איז ניט שווער זיכ צו צופאסנ דאָ?

— וואָס שטערט די ארבעט?

— וועלכע אזעלכע ספעציִעלע אייגנשאפטנ, מיינ איכ, קאָנענ דאָ שטערנ?

דער ייִד, ווי ער איז געשטאנענ אפ די קני—געהאט געקליבנ זיכ צוזעצנ צומ שײַטער—אזוי איז ער געבליבנ—פונ כידעש. ער האָט אזש עטלעכע מאָל אפגיכ א פעכקע געטאָנ פונ זײַנ ליולקע, ארויסגענומענ זי פונ מויל, געקוקט אפנ בלאָנדנ יונג אונ אפ עפעס געוואַרט. ער האָט זיכ ניט געריכט אפ אזויפל פראגנ מיטאמאָל. ער האָט ניט זייער שטארק ליב געהאט מענטשנ, וואָס ריידנ אסאכ. ער האָט געהאט זײַנ מיינונג, אז מענטשנ ריידנ אסאכ אפ צו פארטרײַבנ דעמ עמעס פונ לעבנ. מענ זאָגט אפ אימ, אפ ייִסראָעל ברוידע, אז ער רעדט אויכ אסאכ. נאָר ער געפינט עס ניט. אונ אויסער דעמ, זיכ געטרויט ער. פאראנ נאָכ א פאָר מענטשנ אפ דער וועלט, וואָס ער האָט געטרויט אונ טרויט. ער האָט זיכ געהאלטנ פאר בארעכטיקט צו ריידנ אסאכ, ווײַל ער האָט געזוכט דעמ עמעס, ווײַל ער האָט געטראכט נאָכ מער. ער

האָט דאָס זעלבע געפונענ בא די גרויסע מענטשנ אויכ. אָט האָט ער שוינ דאָ, אינ בירעבידזשאנ, געהאט זיכ פאַרינטערעסירט מיט לענינענ. ער האָט איינמאָל נאָכ א פּראָדוציר־באראטונג אפ דער פאבריק שעמעוודיק א פרעג געטאָנ בא האָדעסנ:

— איכ בעט דיר, האָדעס, קאָנסט מיר ניט אָנווײַזנ, וואָס לענינ האָט אָנגעשריבנ, איכ מיינ, ניט קיינ רעדעס, נאָר עפּעס ארטיקלענ, דערציילונגענ... פונ לעבנ גופע... ווי ער האָט געקוקט אפנ לעבנ...

האָדעס האָט א דריי געטאָנ מיטנ קאָפּ, א קנייטש געטאָנ מיטנ שטערנ, א קוק געטאָנ אפּ ייִסראָעלנ אונ א זאָג געטאָנ אימ קורצ, אז לענינ האָט איבערגעלאָזט דרײַסיק בענדער אונ יעדעס וואָרט דאָרט איז פונ לעבנ. ייִסראָעל האָט זיכ דערשראָקנ.

— אזויפיל?

דאָס גליק איז באשטאנענ דערינ, וואָס האָדעס איז זיכ געבליבנ טרײַ: ייִסראָעלס שרעק האָט אפּ אימ ניט געווירקט.

— שרעק זיכ ניט,—האָט ער צו אימ קורצ געשמייכלט,—ניט אלצ מיטאמאָל.—אונ געגעבנ אימ דעם „קאָאָפּעראציוונ פּלאנ" צו איבערלייענענ.

ייִסראָעל האָט די זײַטלעכ געזויגנ, געזויגנ, געלייענט איינציקע שורעס· צו צענ מאָל, פארשריבנ א גאנצנ בויגנ פּאפּיר מיט פראגנ צו האָדעסנ, אויסגעהערט אלע פארטײַטשנ, נאָכאמאָל איבערגעלייענט פונ טאָוול צו טאָוול אונ ערשט דערנאָכ, בא דער ערשטער באגעגעניש מיט האָדעסנ, קימאט ווי פארלאָרנ דאָס לאָשנ. געשטאמלט בלויז:

— א שאָד...

— וואָס א שאָד?

— שפּעט...

— וואָס שפּעט?

— שפּעט פאר מיר...

ערשט אינ א היפּשער ווײַלע ארומ איז ער געקומענ צו זיכ, דערדאָזיקער ייִד, אונ פּלוצלינג צעשריִענ זיכ:

— אי—אי—אי... סארא עמעס! סארא פּאָשעטער אונ טיפער עמעס! א שאָד! סארא שאָד! שפּעט שוינ פאר מיר! אונ איכ האָב דאפקע כיישעק אימ איבערלייענענ פונ טאָוול ביז טאָוול...

— שפּעט איז קיינמאָל ניט,—האָט האָדעס געענטפערט אונ דערלאנגט אימ די בראָשור וועגנ „גרויסנ אָנהויב".

איצט איז דער דאָזיקער אומרויִקער ייִד געשטאנענ אפּ די קני נעבנ שײַטער, צופוסנס דער סאָפּקע, ניט ווײַט פונ זײַנ קליינ שטיבל, ווו אלע זײַנענ שוינ געשלאָפנ, געקוקט אפנ בלאָנדנ אונ געטראכט פאר זיכ: „איינ קלייניקײַט האָט ער דאָ בא מיר א פרעג געטאָנ..."

— איר האָט געהערט, וואָס איכ האָב בא אײַכ געפרעגט?—האָט דער בלאָנדער שטיל א זאָג געטאָנ.

— יאָ, יאָ, יאָ...—האָט ייִסראָעל מיט עפּעס זיכ דערפרייט אונ צוגעזעצט זיכ באקוועמער צומ שײַטער.—וואָסערע פּריוויטשקעס שטערנ דאָ, אינ דער ארבעט, פרעגסטו... אָט וועל איכ דיר דערציילנ, האָב געדולד... דאָס איז אנ אנטיקל... איכ האָב שוינ געזאָגט מײַנ אלטענ: אָט וועל איכ עס דיר אויכ זאָגנ: א קאטער, לעמאָשל, ווענ עס איז בא איינ מענטש, איז עס א קלייניקײַט, עמעס? איצט לאָמיר גיינ פאמעלעכ... שטעל זיכ פאָר, אז עס ווערט פארקאטערט א שטוב, א פאמיליע... דו זעסט עס שוינ פאר די אויגנ? גיב א

קוק—דאָס איז שוין ערגער, עמעס? אויב פארלאָזן, קאָן עס שוין ווערן א פאמיליע־קרענק. איצט מאָל דיר אָפּ, אז א גאנצע גאס איז פארקאטערט געוואָרן... פון שטוב צו שטוב האלט מען אין איין ניסן, אָכצען, הוסטן, פײַפן מיט די נעזער, פּאָכען מיט די לונגען, פון אלע טירן, פון אלע פענצטער,—פון אומעטום רויטע אויגן, רינענדיקע נעזער, הוסטענדיקע מײַלער,—דו זעסט עס שוין? דאָס איז שוין פּאָכאָזשע אפ א שטיקל מאגייפע... איך האָב א טאָעס? עמעס, ניט? נו, און אויב א שטאָט, א פאָלק ווערט פארקאטערט?... וואָס איך האָב אויסצושטיין פון מענטשן, אפילע מײַנע אייגענע אלטע זאָגט מיר אָפּט: צווישן אונדז גערעדט, זאָגט זי, ביסטו, א שטיק שיגאָען, ייִסראָעל. צווישן אונדז גערעדט, זאָגט זי, פארשטיי איך ניט, ווען באווײַזטו אפ ברויט צו פארדינען, אז דײַן גרונט־ארבעט אפ דער וועלט איז נאָר האלטן אין איין באזאָרגן די וועלט... און סאכאקל מיינסטו זיך דײַן אייגענעם ווילטאָק... נאָר דו טוסט ניט גוט—דו פלאפלסט. טו עפּעס! א גאנצ לעבן פיר איך מיט איר א וויקועכ. אין בירעבידזשאן איז אביסל שטילער געוואָרן. דאָ, הייסט עס, האָב איך שוין אָנגעהויבן טאָן. שוין דערמיט אליין, וואָס איך בין אין בירעבידזשאן... בירעבידזשאן זאָגט זי, פאר אונדז,—דאָס איז א קלאל־זאך. דאָס טוען מיר פארן קלאל. פאר זיך אליין, זאָגט זי, ווערליק ווי דו קענסט דײַן פאך, בא מײַן הילף, בא איר הילף, הייסט עס, קאָנען מיר גליקלעך לעבן אין מאָסקווע אויך. און פאר פּאָטשאָט גאראנטיר איך דיר. און פאר אן אודארנעם ביכל אויך. נאָר וואָס זשע דען? דו ווילסט ניט אָפּשטיין פון קלאל... קאָן מען פרווון... מען האָט געהייסן בויען א ייִדישע מעלוכע—ביסטו אוואדע ניט דער לעצטער אין אזא פּאָטשאָטנער ארבעט, דאָס זײַנען אלצ אירע ווערטער און אזוינס קאָן מען שוין פארטראָגן... אָבער פריִער האָב איך בא יעדער קלאל־מאגייפע געהאט מיט איר א וויקועכ. אז ס'איז אָנגעשטאנען דער ציִאָניזם אפ די ייִדישע קעפּ, האָט זי מיר געשיקט אהין. נו, גיי, זאָגט זי, טראָג ארײַן א שעקל, באזאָרג דערמיט דאָס ייִדישע פאָלק און ווער א קלאל־מענטש. הער אופ צו פלאפלען. טו עפּעס. נאָר איך האָב זי ניט געפאָלגט, ווײַל איך האָב ניט געהאלטן דערפון. אייביק א מענטש בא יענעם, איז מיר ניט געפעלן געוואָרן, וואָס ארום געדאנק ציִען האָבן זיך געדרייט באלעבאטישע קינדער. זיי זײַנען געוואָקסן, איך בין געוואָקסן. זיי האָבן געהאט יערושעס—גאָלד—איך האָב אויך געהאט א יערושע—א פּאָר הענט. וואָס פארא יעשוע וועט עס זײַן אפ מיר און אפן ייִדישן פאָלק, אז איך וועל זיי אין ציִען פארקויפן מײַנע הענט אין קנעכטשאפט צו זייער גאָלד? טאָ ווער א סיציליסט,—האָט זי מיר געאייצעט. און ס'איז ניט ארויסגעקומען דערפון גאָרניט. איך האָב דעריין אויך ניט געגלויבט. אייביק א מענטש, וואָס האָט ליב האנדלען לויט זײַן אייגענעם סייכל, האָב איך געהאלטן, אז עס וועט דערפון גאָרניט ארויסקומען. און סייכל האָט שוין דערופ גראָד בא מיר ניט געקלעקט. דאָ האָט מיך דאָס לעבן אָפּגעשמיסן גראָד פײַן, פובליטשנע. איך בין ניט געווען אזוי קלוג צו זען דעמאָלט, אז מען וועט אזא ריז, דעם קאפּיטאליזם, מיין איך, אוועקלייגן אזוי גיך. איך האלט עס נאָך איצטער אויך פאר א ווונדער. עמעס, איצטער, אז איך האָב איבערגעלייענט א פּאָר לענינס זאכן, זע איך, אז עס איז ניט ארויסגעשפרונגען פון דער העלער הויט, און מאלאָכים האָבן צו דערדאָזיקער שטיקל וועלט־ארבעט אויך קיין שײַכעס ניט,—מענטשן האָבן די ארבעט געטאָן לאנגע יאָרן. אָבער פריִער האָב איך דעריין ניט געגלויבט. כ'וויס, וויפל דוירעס מען דארף דערופ, האָב איך דעמאָלט געטראכט. טאָ לאָמיר פאָרן קײַן אמעריקע,—האָט זי צום דריטן מאָל צו מיר געזאָגט. און איך בין געפאָרן. אין אמעריקע האָב איך געגלויבט. פרײַהײַט—דאָס איז נומער איינס, וואָס סע האָט

מיך געשלעפט אהין. דאָרט, ווו סיזדאָ פרײַהײַט, האָב איך געטראכט, וועל איך בא מײַנ פראָסטער פאַשעטקײַט און גוטנ קאָנענ דעמ פאכ לעבנ בעסער, ווי אינ פינצטערנ רוסלאנד: „כאלע אומדערוואָכנ״—דאָס איז נומער צוויי, וואָס האָט מיך גערופנ אהינ. עס גייט ניט קיינ רייד, פארשטייט זיך, דאפקע וועגנ שטיקל כאלע. ס׳איז אלצ צוזאמענ: א שטיקל כאלע, א שטיקל פלייש, א שיינער מאלבעש, א ריינע דירע, א ביכל, א טעאטער... פאָטער ווערנ פונ דער ייִדישער קעהילע־קדיישע—דאָס איז נומער דרײַ, וואָס איך האָב געהאָפט צו געפינענ אינ אמעריקע; עס איז מיר דערעסנ געוואָרנ צו זײַנ א פארעבאָק בא גאָט אינ די געדאנקענ און געפילנ מײַנע... און פונ דעמ אלעמענ האָט זיך אויסגעלאָזט א טײַך... איך האָב גלײַך דערשמעקט, אז מענ וויל פונ מיר מאכנ דאָרט א שטיקל געפילעכצ פאר דער קישקע... איך האָב אפילע קיינ קינד דאָרט ניט געוואָלט האָבנ... בינ איך געלאָפנ צוריק און פאָפאדיעט גראָד אפ דער רעוואָלוציע... דאָס האָט מיך דאפקע ניט געארט... פארקערט... ערשטנס—אינ פרײַהײַט האָט שוינ רוסלאנד אמעריקע איבערגעשטיגנ; צווייטנס, בינ איך געקומענ אָפנעמענ מײַנע רעכט. ווער זשע איז דער ארבעטער, אויב ניט איך? איך האָב זיך גערעכנט באזעצנ דאפקע אינ מאָסקווע. דריטנס, האָב איך מיט מײַנע אייגענע אויגנ געוואָלט זענ דעמ ווונדער: צי האָט מענ טאקע אינדערהעמעסנ אפ אייביק שוינ אוועקגעלייגט דעמ ריז. פערטנס... נאָר כ׳וועל דיר ניט אויסרעכענענ אלע סיבעס. גענוג די אויכ. אָבער דעמ עמעס געזאָגט, האָב איך די ערשטע צײַט כאראָשע געהאט. דער בירגערקריג איז מיר ניט אזוי שטארק געפעלנ געוואָרנ. איך בינ געבליבנ פארשטעקט אינ שטעטל. אליינ בינ איך א סטאָליער. האָב איך געפוכנעט פונ הונגער. סארא מעכל האָט מענ באדארפט אינ מײַנ שטעטל אינ נײַנצנטנ יאָר? גע־בי־דע־וועט האָב איך! אפנ סאמנ ראנד געשטאנענ! דעריקער—אפ דער נעשאָמע איז געווענ ביטער. ניט געווענ קיינ אָרט אפ דער וועלט פאר זיך אליינ און דאָ זײַנענ נאָכ צוויי אייפעלעכ צוגעקומענ און גראָד מיטאמאָל—א צווילינג. אינ שטוב איז כוישעכ, קיינ לעק נאפט ניטאָ, קיינ ביסנ ברויט ניט, די צוויי אייפעלעכ אינ דער איינער וויג ליגנ הונגעריקע, פארמאָרעטע, פארפוילטע און קויטשענ, ווי די וועלט וואָלט זיי א וועקסל ארויסגעגעבנ, אז זי דארפ זיי אלצ גרייטס דערלאנגענ... און מײַנ אלטע איז אויכ קראנק. און די וולאסט בײַט זיך אינ שטעטל דרײַ מאָל אינ כוידעש. און דער כאלעפ ליגט אפנ האלדז קעסיידער. די שרעק איז שוינ אזש פארביי... און מײַנ אלטע עסט מיך שטילערהייט.—וואָס ביסטו אזוי כוישעכ, ייִסראָעל, זאָגט זי צו מיר, דײַנ מעשוגענע פילאָזאָפיע איז דאָכ מעקוייעמ געוואָרנ—מע באזאָרגט די וועלט; פעטליורע באזאָרגט זי און מארוסיע באזאָרגט זי, מאכנאָ לייגט אויכ א האנט צו צו דער אומגליקלעכער ניט באזאָרגטער, נעבעכ, וועלט, און כוועדערענקע שטייט ניט אָפ, און גאוורילענקע האָט זיך זײַנ באנדע, און נאטאשע, און מאריאשע, און די באָלשעוויקעס, און די מענשעוויקעס, און די עסערנ, און די פאָליאקנ, און דער דײַטש, און דער פראנצויז, און דער ענגלענדער, און דער יאפאָנטשיק—די גאנצע וועלט, זאָגט זי, האלט אינ איינ באזאָרגנ די וועלט און דו איינער זיצט ליידיק מיט א פארכוישעכטער צורע בא דער פאָר אויסגעמאָרעטע נעפעשלעכ... טו עפעס, קלײַב זיך אויס עמיצנ, גיי, נעמ א שווערד אינ דער האנט און גיי שעכט דאָס מירנע פאָלק, באזאָרג די וועלט... לעכאטכילע האָב איך עס אָנגענומענ פאר וואָר־וואָרט, געטרייסט זי, ווי איך האָב געקאָנט. פונ אזא מינ פײַער, האָב איך זי געטרייסט, קומט ארויס לעבנ אָדער טויט. אויב טויט—איז פארפאלנ. אָבער אויב לעבנ, וועט דאָס שוינ דערפאר זײַנ איימנאָל א לעבנ! אָט ווערסטו זענ! לעכאטכילע האָט זי, קלוימערשט, מיט מיר מאסקימ געווענ—געענטפערט

מיר אין גוטן טאָג: ביסט גערעכט, ייִסראָעל, לאָמיר טאקע צוּוואַרטן... דאָס וועט שוין זייַן איינמאָל א לעבן... נאָר אין א ווייַלע ארום האָט זי מיר געגעבן די גאַנצ—אָבער אזוי, די עמעסע: כאָכעמ איינער, לאַנד־כאָכעמ, וועלט־פילאָזאָפ! אנדערש ווילסטו ניט—נאָר לעבן אָדער טויט! און אוילאָמ האטויהע געפעלט דיר ניט! דו האָסט זיך ניט גערעכט אפ קיין אוילאָמ־האטויהע, האַ? אָט הער מיך: א נאר טאָר מען אין די הענט ארייַן קיין גליק ניט געבן—עס ווייסט ניט וואָס צו טאָן דערמיט. געווען אין אמעריקע, געלעבט פרייַ, געהאט ברויט מיט א שטיקל בייקן אפילע, איז דאָך ניין—עס שטעכט אים דער האָבער! איצט ווייס: אוילאָמ האטויהע! אָט דאָס איז אונדזער גורל—אפ אייביק שוין! און טרערן, פארשטייט זיך, ווי בא א ייִדענע, האָבן געקאפעט איבער דעמ וויגעלע טאָג און נאכט. איך אליין, גלויב שוין ניט קימאט, אז מיר האָבן געקאָנט אמאָל אזעלכע גאָרנישטן זייַן! עך, וואָס פארא גאָרנישטן מיר זייַנען געווען. ניט אויסצומעסטן די גרויס! ווען איך וואָלט דעמאָלט סייכל געהאט נעמען די ביקס אין דער האנט! אפילע אינעמ זעלבן בירעבידזשאנ וואָלט איך זיך איצט אנדערש געפילט און מייַן וואָרט וואָלט געהאט גאָר אנ אנדער וואָג. אָט האָסטו די גרעסטע פריוויטשקע, וואָס שטערט דאָ...

שטערן האָבן זיך געדיכט אויסגעשאָטן אין הימל.

שטערן זייַנען אלע ווייַלע געפאלן אפ דער ערד.

שטיל איז דאָ געווען אינטער דער סאָפקע, באם שייַטער. רויִק האָט דאָס פייַער געקנאקט. ייִסראָעלס הענט זייַנען געווען אין קעסיידערדיקער באוועגונג: ער האָט מיט די הענט געהאָלפן זיך דערציילן, ער האָט מיט די הענט אלע ווייַלע אונטערגעלייגט צווייַגן אין שייַטער, ער האָט מיט די הענט געלייגט הייסע קוילן אין זייַן ליולקע. דער שייַטער האָט נאָך יעדן שאר העלער אויפגעפלאקערט. אין ייִסראָעלס אויגן האָבן זיך די פונקען געשפיגלט און געגלאנצט.

— קורצ גערעדט—די זעלבע פריוויטשקע האָבן די אלע איבערוואנדערער דאָ־הי. און דאָס איז די גרעסטע צאָרע. אזוי פארשטיי איך.

דער בלאָנדער האָט שוין לאנג פארשטאנען, וואָס ייִסראָעל האָט אים געוואָלט זאָגן. ער האָט זיך אין דעמ מענטשן ניט גענארט. אסאך דערפון, וואָס ייִסראָעל האָט אים נאָר וואָס דערציילט וועגן זייַן לעבן, האָט ער אליין, נאָך פאר בירעבידזשאנ און אינ וועג אהער גענוי דורכגעטראכט. פונדעסטוועגן האָט זיך אים געדוכט, אז עפעס האָט אים נאָך ייִסראָעל ניט דערזאָגט. ער האָט דעריבער אופגעהויבן אפ אים זייַנע אויגן און מיט קימאט קינדערשער געמאכטקייט א זאָג געטאָן:

— וועגן קאטער מיט דער פריוויטשקע האָב איך ניט פארשטאנען.

ייִסראָעל האָט זיך פון כידעש אזש אופגעשטעלט אפ די קני. אָנגעקוקט דעמ יונגן—מענטש איינער,—האָט ער צו אים א זאָג געטאָן מיט א טראָפן באדויער אין דער שטים,—איך האָב דאָך די גאנצע צייַט גערעדט וועגן דעמ! ווען איך וואָלט דאָ איינער געווען אזא, וואָס האָט א לעבן אָפגעלעבט אין א פאלשער ליכט, וואָלט איך איינער דער פארקאַטריעטער אין דער מישפאָכע געווען און דאָס וואָלט געווען א קנאפער אומגליק. אָבער, אז ס'גאנצע ביסל בירעבידזשאנצעס באשטייט דאָ קימאט פון גאָלע אזעלכע מענטשן, וואָס זייַנען זייערע לעבנס אָפגעלעבט פארשטעקט אין די לעכער, באקומט זיך, אז אלע דאָ זייַנען פארקאטריעטעס. גיי ווארט ביז זיי וועלן פאָטער ווערן פונעמ קליינשטעלדיקן קאטער! דאָ דארפ מען א לאנד בויען און מענטשן האָט מען געבראכט אהער, וואָס מען באדארפ זיי דעמ קאטער היילן...

דער יונג האָט א קורצנ לאַכ געטאָנ. ייִסראָעל האָט אפ אימ א קוק געטאָנ אונ זײַנ געלעכטער אָפּגעהאקט.

— כאפּ ניט... דו ווייסט נאָכ ניט... פאר איינ טאָג קענ מענ עס ניט כאפּנ... אז איכ דערמאָנ זיכ אָנ דער אשירעס, וואָס דאָ ליגט באגראָבנ, כאפּט מיר א שוידער אָנ. איכ האָב מוירע פאר דער דאָזיקער אשירעס... איכ האָב מוירע, אז מענ וועט עס צונעמענ.

דער יונג האָט זיכ א צי געטאָנ צומ ייִדנ, געוואָלט עפּעס זאָגנ. דער ייִד האָט אימ ניט געלאָזט.

— ניט דערפאר האָב איכ מוירע, אז דער סוינע וועט עס צונעמענ... מיטנ סוינע וועלנ מיר זיכ ספּראווענ... דערינ גלויב איכ... מיט זיכ וועלנ מיר זיכ ניט ספּראווענ... אַט ס'קריכט מיר פונ קאָפּ ניט ארויס, אז מירנ זיכ ניט ספּראווענ מיט דער ארבעט... איכ האָב גערעדט מיט האָדעסנ װעגנ דעמ. איכ זאָג אימ:—הער נאָר, האָדעס, מיר האָבנ נישקאָשעדיקע טוער ׳בא אונדז אינ פאָלק? איכ מיינ מענטשנ, וואָס קענענ עפּעס אופּטאָנ?—לאָמיר אָנעמענ, אז מיר האָבנ.—ענטפערט ער קאלט. דאָס איז ביכלאל א קאלטער נעפעש.—איז פארוואָס זשע זע איכ זיי ניט דאָ?—זיי זײַנענ פארנומענ מיט וויכטיקערע ארבעט.—אונ בירעבידזשאנ איז א מיישעוו־זקיינימ, צי וואָס?—בירעבידזשאנ? בירעבידזשאנ איז איינ קליינער ראיאָנ לעגאבע דעמ ראטנפארבאנד...—וואָס מעסטו מיר מיטנ ראטנפארבאנד,—זאָג איכ צו אימ,—לאָמיר עס בעסער מעסטנ מיט א בעלגיע. ס'איז אָנדערטהאלבנ מאָל אזוי די גרויס די היגע טעריטאָריע? ס'איז צענ מאָל אזוי די גרויס די אשירעס דאָ? אונ אינ די בעלגיער קוילנגרובנ ארבעטנ די ייִדישע באָכערימ פונ פוילנ אפ די בעלגיער באַראָנענ. אונ אינ בירעבידזשאנ שיקט מענ ייִדנ מיט קילעס, בלינדע, קרומע אונ לאָמע... ווו איז דער סייכל דערפונ? — פרעג איכ בא אימ. — דו שפּרינגסט גאלאָפּאָמ צומ נאציאָנאליזמ,—ענטפערט ער מיר דערופ. איכ האָב אפילע דעמלט דעמ טײַטש פונ וואָרט ניט געוווסט. ער האָט עס מיר געמוזט געבנ צו דערקלערנ, וואָס פאר א כײַע עס איז דער נאציאָנאליזמ. אונ ערשט, אז ער האָט מיר דערקלערט, האָב איכ אימ געגעבנ צו פארשטיינ דעמ טאָעס, וואָס ער מאכט דאָ, וואָס פאר א נאציאָנאליזמ איז דאָ?—פרעג איכ בא אימ,—מענ האָט געגעבנ א פלאָשטשאדקע? צו וואָס האָט מענ זי אונדז געגעבנ? אז מענ זאָל דאָ אויסבויענ אנ אָסטאלאָפּיע? אז סעדעכעס זאָלנ דאָ זיצנ אפ די ראָגנ אונ האנדלענ מיט צעדער־ניסלעכ? מענ האָט דאָכ אונדז געהייסנ בויענ עפּעס אנדערש—א ייִדישע רעפּובליק, טאקע א סאָוועטישע... סע לוינט זיכ דאָ די ארבעט? אוואדע יאָ! אנו, זאָג איכ אימ, אָט וועסטו באלד זענ, ווי דער נאציאָנאליזמ זאָגט גאָר עפּעס אנדערש, לאָמיר א קער טאָנ די פראגע אזוי: לאָמיר זאָגנ, אז פאלעסטינע—דאָס איז בירעבידזשאנ. דאָס הייסט דער פלאצ איז ליידיק, דער באָדנ איז דאָרט ניט פונ שטיינ, פאר דער ערד דארפ מענ גאָרניט צאָלנ, פונ דער ערד דארפ מענ קיינעמ ניט ארויסטרײַבנ אונ קיינ סאָוועטסקע וולאסט איז דאָרט ניטאָ. ווי מיינסטו, האָדעס, די ייִדישע קרעמער אונ גאָלדזעק פונ דער גאנצער וועלט וואָלט זיכ א לאָז געטאָנ אהינצו? אפ עראָפּלאנענ וואָלטנ זיי געפלויגנ... אי, וואָלטנ זיי פאר טשאדעס דעמ קאָפּ דעמ אָרעמנ פאָלק! אי, וואָלטנ זיי א טומל אופגעהויבנ! אי, וואָלטנ זיי א בוי געטאָנ אפנ כעזשבנ פונ האָרעפּאשניק, אז מענ וואָלט אזש געדארפט אינ איינ פינעפ אונ צוואנציק יאָר ארומ א רעוואָליוציע דאָרט מאכנ! אונ דאָ, אז די רעוואָליוציע איז א פארטיקע, אז די קרעמער אונ די אלע בלוטזויגער וועלנ מיר פאר טויזנט מײַל אהער ניט צולאָזנ, אז מענ דארפ אהער ארײַנלייגנ נאָר ארבעט, דו דערמאָנ זיכ, האָדעס, נאָר ארבעט, וואָס מענ מוז עס סײַווי ארײַנלייגנ, ווו דו זאָלסט ניט זײַנ, טאָפּטשעט מענ

זיך אַפ איין אָרט, וואָסי—ניט די קאדרען גיט מען אונדז! כאַפט ער זיך אָן מיטביידע הענט פארן קאָפּ דערדאָזיקער שטומאַק און שרייַט, אַז איך פלאָנטער און פלאָנטער און פלאָנטער און פלאפּל, אַז ס'איז א שרעק!

— לאָמיר ריידן פּאַשעטער,—האָט דער בלאָנדער ווייך נאָך מיט עפּעס א פארדראָס א זאָג געטאָן,— איר פערזענלעך לעבט דאָ בעסער? אָט, לעמאָשל, א בעהיימע האָט איר?

— איך פערזענלעך?—ייִסראָעל האָט א כאַפּ געטאָן פון שייַטער א הייסע קויל און אריַינגעוואָרפן עס אין דער אָפענער ליולקע,— איך פערזענלעך,— האָט ער געפעכקעט,— וועגן זיך פערזענלעך האָב איך שוין גערעדט... דו האָסט פארהערט סייַדן?

דער בלאָנדער האָט זיך א הויב געטאָן און איבערן שייַטער א קוק געטאָן דעם ייִד אין די אויגן. ער געדיינקט, וואָס ער רעדט,—האָט דער בלאָנדער מיט עפּעס אַן אינערלעכער האנאָע א טראַכט געטאָן.

— וועגן זיך פערזענלעך האָב איך מער ניט וואָס צו זאָגן,—האָט דער ייִד פאָרגעזעצט... וועגן זיך בין איך מאסקים מיט מייַן אַלטע... זי איז גערעכט... איך בין ניט קיין מאָשל פאר בירעבידזשאן... איך קאָן אומעטום זייַן א גוטער אודארניק... נאָר מייַן בעהיימע אָט האָט איר איר מעגילע...—דער ייִד האָט זיך א דריי געטאָן.—קוק, אָט דאָרט ליגט זי... דרייַ שפּאַן פון דאַנען... זי איז געפאלן... מיט א וואָך צוריק... זי איז אויסגעגאנגען אין מיטן קייַען... דאָ האָט א מאבל געכליופּעט הייַאָר דער צווייִ אונדרייַסיקטער, די היי האָט מען אראָפּגעקאָסיעט פארן מאבל אין אַפ צונויפשארן האָט זיך קיין באַלעבאָס ניט געפונען.. האָט זיך עס דריטהאַלבן כאָדאָשים געוויקט אונטערן רעגן... אַלע זאַלצן מיט אַלע נערשטאָפּן האָט דער רעגן פונעם היי ארויסגעשווינקט... געבליבן איינע קלעטשאטקע... מייַן בעהיימע האָט געקייַט, געקייַט די קלעטשאטקע, ביז עס איז פון הונגער אויסגעגאנגען... דאָ איז א סאָף צו דער בעהיימע און אַן אָנהויב צו א מייַסע... לעכאטכילע האָב איך קיין וועטערינאר ניט געקאָנט קריגן אַפ צו זען פון וואָס גייט אויס מייַן בעהיימע... דערנאָך, אַז דער וועטערינאר איז אראָפּגעקומען, איז זי שוין געלעגן ראַטשקעם מיט די פיס ארויף. איך הייס אים שרייַבן אַן אקט, וויל ער ניט. ניט זייַן זאך, זאָגט ער... איך הייס עם פאלמעסן זי, זאָגט ער, אַז עס איז אזוי אויך קלאָר. איך כאַפּ די כאווערטע הייַלפערן אין אויספּירקאָם, איך זאָג איר: איכל אָנשארפן א מעסער, איכל שנייַדן, ווו דו וועסט הייסן. קוק. פאָרש אויס. שרייַב א מעדיצינישן אקט. איכל זייַן דער איידעס. איך בין בא זיך באגלויבט. מיר טוען אזוי. אוואדע פון דער קלעטשאטקע איז זי געפאלן, נאָר נעם עס ניט קליין, איך בעט דיך. פּאַסירט עס מיט איין מייַן בעהיימע, איז עס א קנאפּער אומגליק. אָבער אַז ס'גאנצע ביסל פי דאָס בירעבידזשאנער דערנערט זיך מיטן זעלבן היי... דו האָסט געזען נעבן דער פּאָטשט דעם געפייגערטן פערד?

— איך האָב געזען!—האָט דער בלאָנדער לעבהאפט און אפגיך א זאָג געטאָן.

— דו האָסט טאקע געזען? נו, האָב איך דאָך שוין ניט וואָס צו דערציילן. דו האָסט דאָך עס אַליין געזען. נאָר דער סאָף פון דער געשיכטע וועט ערשט זייַן וויס איך ווען... טוערמאכער פארפירט וועגן מיר א דיעלע פאר ורעדיטעלסטווע. ער האָט איידעס, זאָגט ער, וואָס האָבן געזען, ווי איך האָב די בעהיימע געקוילעט און מיטן פלייש ספּעקולירט. איך האָב אים אין דער ערד, ווייַל איך האָב אַן אקט. נאָר וואָס קומט ארויס בירעבידזשאן פון מייַן אקט, געננוג!—... איכל דיר אַלץ סייַווי ניט אויסדערציילן פאר איין נאכט! צייַט שלאָפן! איינס קאָן איך דיר זאָגן: ניטאָ בא אונדז קיין באַלעבאָס! ניטאָ קיין נאטשאַלניק! דו ביסט שוין אין בירעבידזשאן... דו וועסט דאָס איבעריקע אַליין זען... א טראָפּן

פֿונ יאמ האָסטו שוינ הײַנט פארזוכט... צוויי שאָ אינ דער קוטוזקע ביסטו שוינ געזעסנ... אנ אנדערער אפ דײַנ אָרט וואָלט שוינ קיינ גאנצער פונ אזא געשיכטע מיט טוערמאכערנ ניט ארויס. טוערמאכער! עפשער ווילסטו וויסנ ווי די ייִדנ רופנ אימ דאָ אינ דער שטיל? פעלדפעבעל... וואָס האָב איכ יועגנ זיכ צו דערציילנ? איכ לעב... סע געפעלט מיר דער געדאנק בירעבידזשאנ... איכ וואָלט שוינ לאנג אוועק פונ דאנענ, וועג איכ האָב דאָ ניט אביסל מענטשנ ארומ זיכ, וואָס זײַנענ אינ איינ געדאנק מיט מיר... איכ ווער מיט זיי כאווער... אָט אפילע דײַנ עסטער... א גאָלדנ מיידל... א באהאלטענע אביסל... יענע נאכט איז זי קימאט ווי ניט געשלאָפנ... געוואַרט אלץ אפ דער פארטיע איבערוואנדערער... איכ האָב עס איר הײַנט געוואָלט אויסריידנ... זי לעבט בא מיר, ווי אנ אייגענע טאָכטער... מיר האָבנ דעמ זעלבנ קוק אפ בירעבידזשאנ... צו וואָס איז דאָס אויסבאהאלטנ פונ מיר, אז זי ווארט אפ עמעצנ? נאָר באטאָג הער איכ, אז דאָס איז דערוויַל א סאָד... מע טאָר ניט, הייסט עס, דערציילנ ווער עס איז געקומענ... דער נײַער אָנפירער, הייסט עס, וויל פריִער גוט זיכ ארומקוקנ דאָ... דריי איכ שוינ אויס דעמ געשפרעכ אפ דער לינקער זײַט אונ זאָג צו איר: „בריינג מיר אימ א הער. ער מוז זײַנ פונ מײַנע מענטשנ“.

דער בלאָנדער יונג האָט זיכ געהויבנ פונ זײַנ פעלצל, געקוקט אפנ ייִדנ, געוואָלט דערגיינ ווענג וואָס רעדט ער דאָ. אימ האָט זיכ געדוכט, אז דער ייִד רעדט שוינ פונ שלאָפ.

— א נײַער אָנפירער, זאָגט איר, איז געקומענ אהער?

נאָר ניינ, דער ייִד איז געווענ וואכ. ער האָט געענטפערט צו דער זאכ:

— אזוי שמועסט מענ.

— עפעס אנ אינטערעסאנטער מענטש?

— דו דארפסט אימ בעסער קאָנענ.

— א יונגער, אנ עלטערער?

— אינ דײַנע יאָרנ.

— וואָס איז עס פארא מענטש?

— אזוי, אפנ ערשטנ קוק נישקאָשע...

— איר האָט גערעדט מיט אימ?

— גערעדט? יאָ... דאָס הייסט, איכ האָב צו אימ גערעדט א שאָ דרײַ אווארע. נאָר ער האָט מערסטנס געשוויגנ. א פאָר פראגנ געשטעלט... דאפקע ניט פונ די לעצטע פראגנ... דער יונג, ווײַזט אויס, האָט ליב דעמ טאָכ... אינ מײַנע אויגנ איז עס דאפקע א מײַלע, דאָס, וואָס ער קאָנ שווײַגנ אונ שטעלנ אזא מינ פראגע, וואָס איז נויגייע דעמ סאמע איקער בירעבידזשאנ... נאָר איכ האָב גערעדט... א שאָ דרײַ אווארע האָב איכ צו אימ גערעדט...

דער בלאָנדער האָט א שמייכל געטאָנ: אזא ייִד, ווי דער דאָזיקער ייִסראָעל ברוידע קאָנ טאקע אָפריידנ צו א מענטשנ דרײַ שאָ דורכאנאנד...

ייִסראָעל האָט אפ אימ א קוק געטאָנ אונ פאר זיכ פארטײַטשט דעמ יונגס שמייכל אפ זײַנ אויפנ: „נו, אָט... איצט איז אלץ קלאָר... דער אָנפירער ביסטו“... נאָר געזאָגט האָט ער צומ יונג:

— נו, איצט פארשטיי איכ שוינ... נאָר איינס וואָלט איכ געוואָלט זאָגנ דעמ נײַעמ אָנפירער: זאָל ער הײַנט באגינענ ארויס צומ צוג. א פארטיע איבערוואנדערער פאָרט הײַנט אָפ צוריק „אהיימ“ מישטיינסגעזאָגט... זאָל ער זיכ אײַנקוקנ אונ זאָל ער זענ. ס'איז נאָכ א גרויסע פראגע, וואָס איז מער אונ וואָס איז בעסער: די געקומענע צי די אָפגעפאָ־

רענע... אַן אַנפירער דאַרף זיך פאַרינטערעסירן דערמיט, ווי אַזוי מענטשן לויפן הין און צוריק, הין און צוריק... און אַלץ אָפּן כּעזשבן פון דער מעלוכע, וואָס לויט לענינען איז עס אָפּ מײַן כּעזשבן און אָפּן כּעזשבן פון אַלע אַנדערע איבערגעגעבענע אודאַרניקעס... פאַר־שטייסטו כאָטש, וואָס איך רייד צו דיר?..

— יאָ,—האָט דער בלאָנדער פאַרטראַכט אַ זאָג געטאָן,—איך פאַרשטיי...

— וועט גוט זײַן...—האָט דער ייִד פילדײַטיק און מיט אַ שמייכל געענטפערט.

ער האָט זיך נאָך אַ ווײַלע געפּאָרקעט, פאַריכט דעם שײַטער, אָנגעשטאָפּט פול די ליולקע, אויסגעצויגן זיך, אײַנגעוויקלט זיך אין פעלצל און מער קיין וואָרט ניט אויסגערעדט.

דער בלאָנדער האָט איבערגעטראָגן זײַן פעלצל נעענטער צום ייִדן. ער האָט זיך אויסגעצויגן, אונטערגעשפּאַרט אַ האַנט, געקוקט אָפּן פײַער, געקוקט אָפּן ייִדן מיט דער ליולקע אין מויל. די ליולקע האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און איז אַרויסגעפאַלן. דעם ייִדנס מויל האָט זיך אַן עפן געטאָן און אַ כראָפּע געטאָן. דער ייִד איז שוין געשלאָפן. דער יונג האָט געזען פאַר זיך אַ געעלטערטן פּאָנים פול מיט קנייטשן, אַ האַרט, לאַנג ניט געשוירן שוואַרץ־גרוי בערדל, אַ פולבלעכע נאָז פאַרוואַקסן אין אינעווייניק מיט האָר, ווי מיט דרעטלעך, אַ פּאָר פאַרמאַכטע אויגן—אַלץ באַשײַנט מיטן פײַער פון שײַטער—און דער מענטש, וואָס איז דאָ נעבן אים געלעגן האָט פּלוצלינג באַקומען וואָג אין זײַן געמיט, און די געשיכטע, וואָס ער האָט אים אָנדערציילט האָבן זיך פּלוצלינג פון זיך אַליין אינסצענירט און נאָכאַמאָל אַ שײַן געטאָן פאַרן בלאָנדנס אויגן. דאָסמאָל זייער בוילעט און זייער איבערצײַגנדיק, ווי ערשט איצט וואָלטן זיי זיך אויסגעשיילט פון ייִדנס ווערטער און אַ שפּאַציר געטאָן פאַר זײַנע אויגן אין זײַערע אייגן פלייש און לײַב, אַ דריי געטאָן זיך פאַר זײַן פאָרשטעלונג אין אַלע זייערע אויסמעסטונגען...

נאָר אויך דער יונג איז געווען פאַרמאַטערט און ער האָט ניט באַמערקט, ווי די אויס־געשיילטע פונעם ייִדנס ווערטער מענטשן און געשעענישן האָבן זיך געלאָשן פאַר זײַנע אויגן, ווי די אויגן אַליין האָבן זיך אים צוגעמאַכט, ווי ער איז מיטאַמאָל און טיף אײַנ־געשלאָפן.

ווען ער האָט זיך אופגעכאַפּט, איז שוין דער ייִד נעבן אים ניט געווען און דער שײַ־טער איז שוין געווען פאַרלאָשן.

ערגעץ הינטער דעם נעפל פון די בערג האָט געשפּראָצט די זון.

ה. שוועדיק

# לידער

## אין שטאָט בירעבידזשאַן...

ווי אין דער הויך א בארג־שפּיץ א פארשנייטער
האָב איך היינט בענקענדיק זיך שטיל פארטראכט:
בירעבידזשאַן אין בלויע שנייען גייט אויף —
נאכט.

באַם ראַנד פון האָריזאָנט — פאַרקלערטע, בלויע סאָפּקעס
שטייען אויסגעשליפענע פון גלאַטן, קאַלטן שטאָל.
און שטיל ארום.
בלויז טיף אין טייגע שווערע בערן כראָפּען
און זומערדיקע וועלדער זעען זיי אין כאָלעם...

די ביימער שטייען איצט פארמאַטערט, קאַלט,
זיי זיינען מיד פון צופיל שטיין,
די צווייגן — שווער אראָפּגעוויגן
יאָרן הונדערטער געשטאַנען איז דער אַלטער טייגע־וואַלד
געווידיק,
די קני פאר קיינעם ניט געבויגן.

און איצט אין גרויסער, פייערלעכער ווינטער-נאַכט
אף בלויער שנייען-ברייט, ווו ס'שפּיגלען זיך די שטערן —
די טייגע קניט,
די טייגע פאַלט,
די טייגע קראַכט —
פאַרשלאָפענע, פאַרוואונדערט שטייען אויף אין וואַלד פאַרשנייטע בערן...

זיי דערקענען ניט די אַלטע שטילע היים
(„אָ זומערדיקער כאָלעם, ווער האָט דיך פאַרטראָגן...")
פון אונטער קאָרטש עס לויפט אַרויס א בורונדוקעלע א קליינס
מיט אייגעלעך א פינטל,
און אין שרעק ער נעמט זיך יאָגן...

עס קראכט דער אַלטער וואַלד.
איך זע: דאָרט וואַקסן אויסעט
הויכע סעדער־שטעט מיט שייַנ עלעקטרישער פארפלייצט;
בירעבידזשאַנ—איִנ ווייַנטרויבנ,
איִנ לאַנדישנ אונ רויזנ,
בירעבידזשאַנ—איִנ קאָוונעס,
איִנ רייַז אונ ווייץ.

אונ ווי איך הויך א באַרג־שפּיץ א פארשנייטער
האָב איך הייַנט בענקענדיק זיך שטיל פארטראַכט:
די שטאָט בירעבידזשאַנ אינ מויערנ אונ סעדער גייט אוף
אינ גרויסער שטאָט בירעבידזשאַנ איז וואַך א בלויע נאַכט...

# איִנ מייַנ היימשטאָט

איך האָב נאָך דיר אַזוי געבענקט, מייַנ ליבע היימשטאָט,
די מינוט פונ זענ דיך איז געוועג מיר אַזוי טייַער,
אַז מייַנע הענט (האָט מיר געדאַכט אינ טיפער בענקשאַפט)
וואָלט אָנגענעמ געבערנט פונ קראָפּעווע דער גרינער פייַער...

איך האָב צו דיר געפירט א הארץ מיט שטילע לידער,
פלעגסט אופגיינ אינ מייַנ טרוימ מיט פולע אויגנ שווייַגנ:
די זונ פארגייט,
עס שטייט מייַנ קליינע שטאָט א מידע,
אריבער פלויטנ הענגענ ווייך די רויטע קאַרשנ־צווייַגנ...

געקומענ כ'בינ צו דיר, האָסטו צו מיר געפלייצט
מיט מויערנ אינ גרינס,
מיט גאַסנ אויסגעוואַקסענע,
אונ ס'האָבנ ניט געטויגט פונ הארץ די שטילע רייד
ווי לייַכטע, קינדערישע רייד פאַר א דערוואַקסענעמ...

* *
*

מאָדנע גרויס איז געוואָרנ מייַנ דירע,
מאָדנע פוסט,—
ביסט ניטאָ דאָ מיט מיר.
מייַנ הארץ האָט צעעפנט די טירנ
אינ בענקשאַפט אינ גרויסער נאָך דיר.

דייַנ אָטעמ איך הער.
ס'יאָגט דערשנעל־צוג.

באַם אָפֿענעם פֿענצטער דו זיצסט,
עמיץ עפֿנט אנטקעגן א פענצטער,
ווען ס'טראָגט זיך דער צוג ווי א בליץ—

ס'יאָגט אָנעט א צוק־ווינט א קילער.
איך בעט זיך פון דאנען דורך נאכט:
מײַן כאוועדטע וועט זיך פארקילן,—
די פענצטער אנטקעגן פארמאכט...

עס טרייסלט די ווענט און די שויבן
און ס'בליצט פארבײַ דערפער דער באַן,
דעם קאָפּ האָסט א מידע פארבויגן
אפ הארטקײַט פון דײַן טשעמאָדאַן.

ווען די הענט כ'וואָלט געקאָנט איצטער לייגן
אהינטער דײַן טײַערן קאָפּ,
עס זאָל דיר דאָרט היימלעך און ווייך זײַן!..
נאָר כ'זע:
גייסט פון טרעפּלעך אראָפּ.

ביסט נאָענט...
עס שטראָמט דײַן געלעכטער—
א וואַרעמער טײַך דורך דער טיר...

— — — — — — — — — — — — —

מײַן ליד וואַרט מיט הענט אויסגעשטרעקטע
אין בענקשאַפט אין גרויסער נאָך דיר.

לייזער קאַצאָוויטש

# הומאָרעסקעס

## פאַרגאַנגענע

... און ס׳איז געווען אַ פּעריאָד, ווען אײניקע פּלײַסיק־געשיקטע שרײַבער, וואָס זײַנען געווען אָפּגעריסן פון דער אַרבעטער־סוויווע, האָבן אונטערן דרוק פון דער צײַט, זיך אַ נעם געטאָן צו אַרבעטער־טעמאַטיק, קעדיי צו דערווײַזן, אַז זיי שפּאַנען אין אײן פוס מיט דער עפּאָכע.

די צײַט האָט שוין פון לאַנג פאַרוואַנדלט דידאָזיקע „ווערק“ אין מאַקולאַטור. און ביכדיי די קומענדיקע ליטעראַטור־פאָרשער זאָלן זײַן אין קורס פון יענער צײַט, און זאָלן האָבן די מעגלעכקײַט, אין אַ היסטאָרישן אַספּעקט אַלזײַטיק און גרונטלעך צו דערלערנען דעם מאַטעריאַל פאַר דער ליטעראַטור־געשיכטע, האָט דער אַוטער גענומען אַף זיך די מיסיע צו אַרופּברענגען אַף דער ליכטיקער שײַן אײניקע אויסצוגן פון באַזונדערע דערציילונגען.

---

### אַן אויסצוג פון אַ גרעסערער דערציילונג פון אַ מיטגליד פון לעדער־פאַרייַן

יאַנקל דער שוסטער האָט זיך פאַרליבט אין באַשען. ער האָט פײַנט ווי אַנדערע יאָלדן, צו דרייען זיך אַפן קאָריק. פאַרליבט איז פאַרליבט.

און באַשע, די בעסטע שלאָגלערן פון צעך, האָט אים מיט אירע גלאַזורנע אויגן צערעטשוועקעוועט צו זיך און ס׳איז אים ענג געוואָרן, ווי אַ קאַפּיל אין אַ שוך.

יאַנקל האָט פון איר ניט אַראָפּגענומען זײַנע צאַרטע, שוסטערישע אויגן, וואָס האָבן געברענט מיט ענערגיע און ענטוזיאַזם. אים זײַנען זייער געפעלן געוואָרן אירע שיינע האָר, וואָס האָבן אויסגעזען ווי אָנגעפּעכיקטע דראַטוועס, און אירע געטאָקטע פיס, וואָס האָבן געבלישטשעט, ווי מע וואָלט זיי אַרומגעריבן מיט גלאָז־פּאַפּיר.

— ס׳אַרא פײַנע פּאָר מיר וואָלטן ביידע געווען, — האָט ער געטראַכט, — זי וואָלט בײַ מיר קיינמאָל ניט אַראָפּ פון מאָס.

און ענדלעך, אין איינער אַ נאַכט, ווען דער הימל איז געלעגן אויסגעצויגן ווי אַ שוואַרצע כראָמאָווע פעל, און נאָר אין מיטן איז געהאַנגען אַ האַלב־קײַלעכדיקע לעוואָנע,

ווי א גרויסער אָפּצאָס, האָט איר יאַנקל געזאָגט פּראָסט און שאַרף, ווי ער וואָלט צו־געקלאַפּט א קליינעם רובטשיק:

— איך האָב דיך ליב, און קיינע טשוועקעס.

און ס'איז אים לײַכטער געוואָרן אפן האַרצן, ווי א קאַפּיל ווען מע נעמט אים אַרויס פון שוך.

נאָר באַשע האָט זיך צעלאַכט, ווי ס'וואָלט זיך בא איר געשאָטן אײַזערנע טשוועקלעך פון מויל און האָט אים מיט איר שלאָגלערישער, פּאַרפּעכיקטער האַנט, א פּאַטש געטאָן איבערן פּלייצע.

— איך בין פאַרנומענע מיט א געזעלשאַפטלעכער אָנלאָדונג, און איך האָב קיין צײַט ניט צו טראַכטן וועגן דײַנע קליינבירגערלעכע ליבע־זאַכן...

יאַנקל דער שוסטער איז געוואָרן געל ווי א וואַקס.

## אַן אויסצוג פון א גרעסערער דערציילונג וועגן א מיטגליד פון שניידער־פאַריין

זאַלמען דער שנײַדער האָט ליב גיטלען. זי שטייט פאַר זײַנע אויגן, ווי אַן אויסגע־פּרעסטע. און ווען ער גיט א קוק אף אירע זײַדענע האָר, וואָס דרידלען זיך ווי אַרויס־געצויגענע פּאַסטריגעס, קלאַפּט אים זײַן האַרץ ריטמיש ווי א נײַ־מאַשין.

— א הענגער וואָלט איך וועלן זײַן אף איר מאַנטל, טראַכט זאַלמען,—איך וואָלט זי קיינמאָל ניט געניצעוועט.

און ענדלעך, אין איינער א נאַכט, ווען דער הימל איז געלעגן אויסגעשפּרייט ווי א לאַג־בלויער באָסטאָן, און די שטערן אפן הימל, ווי צעוואָרפענע ווײַסע פּינטעלעך אפן לאַג נאָך דעם טראַפּאַרעט, האָט איר זאַלמען געזאָגט אפן שנײַדערישן לאָשן, ווי ער וואָלט אָפּגעפּרעסט א קליאַפּע.

— הער זיך אײַן, שער און אײַזן, איך האָב דיך ליב, אמכאָ...

און ס'איז אים לײַכטער געוואָרן אפן האַרצן, ווי ער וואָלט אַרויסגעצויגן די פּאַסטריגעס.

נאָר גיטל האָט זיך צעלאַכט ווי א דריבנער שטעפּן פון מאַשין, און האָט אים א פּאַטש געטאָן איבערן פּלייצע, ווי איבער א פּאַרע־טוך.

— קענסט אָפּשטעפּן דײַן ליבע אין צעך,—האָט זי געזאָגט,—בא דער הודזערײַ פון מאַשינעס און פּריילעכן לויף פון קאָנוויער... איך האָב דיך ליב נאָר בא דער אַרבעט...

בא זאַלמענען האָבן זיך פון פּאַרדראָס געשטעלט די האָר אפן קאָפּ ווי שטאָלענע נאָדלען.

## אַן אויסצוג פון א גרעסערער דערציילונג וועגן א מיטגליד פון דרוקער־פאַריין

באָרעך דער זעצער האָט ליב כאַנען. זי שטייט פאַר זײַנע אויגן ווי אַן אויסגעפּראַ־וועטער זאַץ. און ווען ער דערזעט אירע געלע האָר, וואָס זעען אויס ווי מעשענע לי־נייקעס, טיאָכקעט אים שטאַרק זײַן האַרץ, ווי עמעצער וואָלט דאָרט געזעצט אף דער ווערסטאַטקע.

— זי וואָלט שטענדיק געווען מײַן אָריגינאַל,—טראַכט באָרעך,—און איך וואָלט ז' קיינמאָל ניט געגעבן אין „ראַזבאָר"...

אונ ענדלעכ, אינ איינער א נאכט, ווענ דער הימל איז געווענ שווארצ, ווי מע וואָלט אים אָנגעקאטעוועט מיט א וואליק, האָט פאר איר באָרעכ צעשאָטנ א ביסל שריפט:

— איכ האָב דיר ליב, מיט אנ אויסרופ־צייכנ...

אונ ס'איז אים פרייל̇עכער געוואָרנ אפנ הארצנ, ווי ער וואָלט דערזענ פאר זיכ „שפעק“.

נאָר כאנע האָט זיכ צעלאכט מיט פעטיט, אונ האָט אים א פאטש געטאָנ איבערנ פלייצע, ווי מיט דער הארטער בערשטל ווענ מענ ציט אָפ גראנקעס.

— קענסט שיקנ דײַנ ליבע אינ „סיפ“... — האָט זי אויסגעשריִענ בוילעט, ווי מיט שווארצנ קאָרפוס.

באָרעכנ האָט א שטאָכ געטאָנ אינ הארצנ, ווי מע וואָלט בא אים אויסגעפראוועט מיט אנ אָל א פעלערדיקנ אָס...

---

## אנ אויסצוג פונ א קאָלווירטישער דערציילונג

לייבע דער קאָלווירטניק האָט זיכ פארליבט אינ ראָכלענ. אירע אויגנ, וואָס שעמע־רירנ ווי בלויע בלומענ, לאָזנ אים ניט רוענ. שטענדיק שטייט זי פאר אים א הויכע אונ א שלאנקע ווי א סילאָס־טורעם, מיט לאנגע האָר ווי פלאקס, אָדער ווי קאָרנ.

— טײַערע ראָכל, — האָט ער צו איר איינמאָל געזאָגט, — איכ האָב דיכ ליב ווי דעמ טראקטער...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די דערציילונג איז געבליבנ ניט קיינ פארענדיקטע, ווײַל דאָ האָט זיכ געטראָפנ דאָס, וואָס ס'וואָלט זיכ אינ אנדערע אומשטענדנ קיינמאָל ניט געקאָנט טרעפנ.

די סכעמאטישע קאָלווירטניצע ראָכל, האָט פלוצלונג אופגעלעבט אונ האָט אויסגעשריִענ:

— ליבער שרײַבער, איר זײַט קלוג ווי א קאָמבײַנ! די קאָמפלימענטנ וועט איר בעסער שענקענ אײַער געליבטער...

## גיי טרעפ

— אזוי איז עס פאָרגעקומענ? ווונדערלעכ... אײַער פאָלק האָט זיכ דעמאָלט, זאָגט איר, איבערגעטאָנ אינ קאזאקישע קליידער אונ... אנטשולדיקט מיר, דערציילט פינקטלעכער, ס'איז זייער אינטערעסאנט...

— מיט פארגעניגנ... מיר האָבנ צײַט...

דער כאווער וואָס זיצט קעגנ מיר אינ קופע, טראָגט אפ דער ברוסט אנ אָרדענ פונ דער רויטער פאָנ. ער רעדט געלאסנ מיט א דיקער שטימ. רויכערט אָפט אונ שמייכלט. ער איז א הויכער, א דארער מיט א געראזירטנ קאָפּ. ער קוקט אפ מיר מיט קלוגע שמייכ־לענדיקע אויגנ. זײַנ לינקע אויג קאָסיעט עטוואָס אָנ א זײַט.

מיר פאָרנביידע פונ באזונדערע סאנאטאָריעס. פארברוינטע. באקאנט זיכ ערשט מיט א שאָ צוויי צוריק אונ זײַנענ שוינ, דאכט זיכ, אזוי גוט באפרײַנדעט, ווי מיר וואָלטנ זיכ געקאָנט יאָרנלאנג.

אפ אזא פאסאזשיר וואָלט שאָלעמ־אלייכעמ געזאָגט, אז „גאָט אליינ האָט אימ אראָפּ־געשיקט“... ווײַל — ס'קענ דענ זײַנ א גרעסערע פרייד בא א שרײַבער, ווענ דער אָביעקט

פאלט אים אליינ אַרײַנ איג די הענט? אונ דער אָביעקט איז זייער א וויכטיקער פאר מיר. ביז גאָר א וויכטיקער. איכ האָב מיט א כאַדאָשים צוויי צוריק צוגעזאָגט דעם רעדאקטער פונ אונדזער צײַטונג אָנצושרײַבנ וועגנ א העלד פונ בירגערקריג.

דאַרפ מענ בעסער?

א לעבעדיקער העלד פונ בירגערקריג. א הארציקער כאַווער, מיט אנ אָרדענ אפ דער ברוסט.

נעמ אונ שרײַב...

דערווײַל האָב איכ מאַטעריאל. איכ סטאַרע זיכ גוט פארגעדענקענ. באַמ שרײַב-טיש וועל איכ שאפנ א דערציילונג.

„...הארבסט. דער פאָלק איז אָנגעשפרונגענ אפנ שפור פונעמ סוינע—מאַטיוכינס באַנדע—א פאָר טויזנט באַנדיטנ, וואָס זײַנענ פארבליבנ פונ אַנטאָנאָווס באַנדע אונ לאָזנ זיכ ניט בעשום אויפנ ליקווידירנ. דער פאָלק איז אָנגעקומענ אינ דאָרפ פאַדאסקלײַ אונ האָט זיכ איבערגעטאָנ פאר סטאניטשניקעס. אראָפגענומענ פונ זיכ די רויטע שטערנדלעכ, באַהאלטנ די דאָקומענטנ, צוגענייט רויטע לאמפאסנ אונ אָנגעטאָנ שעפּסענע היטלענ—עמעסע קובאַנער קאזאקנ. דעמ קאָמיסאַר פונ אונדזער פאָלק אונ מיכ האָט דער קאָמאַנדיר געשיקט צו מאַטיוכינענ אינ שטאַב, דעריידנ זיכ מיט אימ, ער זאָל קומענ מיט זײַנ באַנדע צו אונדזער „באַנדע”, קעדיי מיט „געמיינזאַמע קויכעס זאָלנ מיר מאכנ אנ אָנגריפ אפ דער רויטער ארמיי”...

מיר זײַנענ געקומענ אינ שטאַב (דאָ וועט מענ דארפנ באַשרײַבנ דעמ רעגנ באַנאַכט אינ געדיכטנ וואלד), געזעגנ זיכ מיט מאַטיוכינענ. איבערגערעדט אימ, ער זאָל צונויפרופנ זײַנ באַנדע (באַשרײַבנ מאַטיוכינס אויסזענ). ער האָט זיכ געקווענקלט. מעיאַשעוו געווענ זיכ א היפּשע צײַט מיט זײַנע אייצע-געבער. מיר האָבנ אימ אָבער געגעבנ א בריוו פונ אַנטאָנאָווס געוועזענעמ אדיוטאַנט, וואָס האָט זיכ געפונענ אינ אונדזערע הענט. דער בריוו האָט איבערצײַגט.

אינ רעגנ, אינ א כליופּיקער בלאָטע איז מענ ארויסגעפאָרנ מיט אנ אליאַרמ אונ פײַפערײַ (באַשרײַבנ די גאַזלאָנישע פרייד פונ די באַנדיטנ). אפנ וועג האָט זיכ צונויפגעקליבנ די באַנדע—א מאנ 2000. איכ מיטנ קאָמיסאַר, וואָס האָט זיכ פאָרגעשטעלט פארנ עסאול פונ אונדזער „באַנדע”, זײַנענ געפאָרנ פאָרויס, צוזאמענ מיט מאַטיוכינענ (באַשרײַבנ אונדזערע איבערלעבונגענ). אינ דאָרפ פאַדאסקליי האָט מענ זיכ אָפּגעשטעלט. פארבעטנ מאַטיוכינענ מיט זײַנ שטאַב צו אונדז אינ שטאַב אפ א באראַטונג. דערווײַל האָט אונדזער פאָלק ארומגערינגלט מאַטיוכינס באַנדע אונ האָט זי ליקווידירט אפ אייביק”...

מײַנ כאַווער האָט עס אלצ דערציילט זייער געלאסנ מיט א שמייכל. קאָסיענדיק עטוואָס די לינקע אויג.

מײַנ פאנטאזיע האָט זיכ צעשפּילט אפ אלע קיילימ. איכ האָב געפילט, אז עס וועט זיכ מיר אײַנגעבנ צו שאפנ א אינטערעסאנטע דערציילונג פונ בירגערקריג.

אימ איז, פארשטייט זיכ, ניט אײַנגעפאלנ, אז אינ עטלעכע טעג ארומ וועלנ זיכ צענדליקער טויזנטער מענטשנ דערוויסנ וועגנ דעמ העלד פונ בירגערקריג, וועגנ דעמ פּאָשעטנ מענטשנ מיטנ אָרדענ, וואָס פאָרט מיט מיר אינ וואגאָנ.

אזוי וואָלטנ מיר זיכ צעזעגנט אונ ער וואָלט עפשער קיינמאָל ניט געוווּסט מיט וועמענ ער איז געפאָרנ, ווענ איכ דערמאָנ זיכ ניט צו בעטנ בא אימ זײַנ פאָטאָגראפיע.

— אפ וואָס דארפט איר עס?—האָט ער געשמייכלט.

— איך וועל וועגן אײַך אָנשרײַבן א דערציילונג,—האָב איך געזאָגט,—וואָלט ניט געשאַט אָפּדרוקן אײַער פאָטאָגראַפיע.

מײַן כאַווער איז א ווײַלע געבליבן פאַרווונדערט. ס'האָט זיך שטאַרקער געגומען קאַסיען די לינקע אויג.

— איר זײַט א שרײַבער?

— יאָ...

— וויל איך אײַך ניט פאַרפירן אין פּלאַגיאַט.

איך האָב אים ניט פאַרשטאַנען:

— פּלאַגיאַט הייסט, אויב איך שרײַב אראָפּ פון א פרעמד ווערק, א מונדלעכע דערציילונג מעג איך באַארבעטן...

— אַנטשולדיקט,—האָט ער מיך איבערגעשלאָגן,—דאָס וואָס איך האָב אײַך דערציילט איז שוין באַשריבן געוואָרן...

איצט האָב איך זיך ערשט דערמאָנט צו פרעגן:

— וואָס איז אײַער פּראָפעסיע?

ער האָט אַ ווײַלע געשוויגן. פאַרוויכערט און האָט א שמייכל געטאָן.

— איך בין א שרײַבער...

---

# „אָ די ווײַסע בערג"...

ס'איז אײַער גליק, וואָס איר האָט ניט קיין שײַכעס צו ליטעראַטור, און אויב איר האָט יאָ א שײַכעס און איר זײַט ניט באַקאַנט מיטן דיכטער צוויבאַך, זײַט איר אויך גליקלעך. צוויבאַך פרעגט ניט, צי איר זײַט פאַרנומען צי ניין? צי זײַט איר אויפגעלייגט צו הערן? ער האַלט, אז פּאָעזיע איז וויכטיקער פון אַלץ אויף דער וועלט און דעריבער גיט ער אײַך מיט פלוצלונג א לייען:

אָ, די ווײַסע בערג,
אָ, די ברייטע יאַמען,
אָ, איך האָב אײַך ליב,
ווי מײַן ליבער מאַמען...

די טעג טרעפט מיר צוויבאַך אין גאָרטן.

— גוטמאָרגן!

— גוט יאָר.

איך האָב אָנגעשריבן א נײַע ליד, איר ווילט הערן?

אָ, די ווײַסע בערג,
אָ, די ברייטע יאַמען...

— כאַווער צוויבאַך,—זאָג איך,—איר האָט מיר שוין איינמאָל געלייענט דאָס ליד.

א ווײַלע קוקט ער אויף מיר ברוגעז און גיט פּלוצלונג א שמייכל.

— ס'קאָן ניט זײַן... שלאָגט ניט איבער אינמיטן... ס'פאַרלירט זיך די שטימונג, אָט הערט:

אָ, די ווײַסע בערג...

— — — — —

איך אײַל זיך אהיים. צוויבאַך גייט מיר נאָך און לייענט הויך אפן קאָל זײַן ליד. די פאַרבײַגייער שטעלן זיך אָפּ. איך באַמי זיך דערפירן זײַן פאָרלעזונג צו א פּאָשעטן הויכן שמועס. איך שרײַ אויס בא יעדער שורע:

—נו, גוט נו... פארשטייט זיך! אויסגעצייכנט!..

מיט דעם וויל איך אָפּווענדן די אויפמערקזאַמקײַט פון די פאַרבײַגייער. צוויבאַך מיינט, אז איך בין באַגײַסטערט פון זײַן ליד. ער גייט זיך פאַנאַנדער נאָך מיט א שטאַרקערן טעמפּעראַמענט.

איך לויף גיך אַרײַן אין שטוב. צוויבאַך נאָך מיר. מײַנע עלטערן דערשרעקן זיך פאַר מיר. איך בין ווײַזט אויס זייער בלאַס. דאָס נוצ איך אויס ווי א מיטל אפּ פּאָטער צו ווערן פון מײַן צוטשעפּעניש.

איך לייג זיך אין צווייטן צימער אפן קושעטקע. און צוויבאַך, קעדיי ניט אוועקצו־גיין פון שטוב, נעמט זיך שפּילן מיט מײַן קליינעם פּלימעניקל.

פון צווייטן צימער הער איך זײַן קאָל:

— ווילסט, ייִנגעלע, וועל איך דיר דורכלייענען א ליד.

מײַן פּלימעניקל וויל, אז צוויבאַך זאָל עס בעסער אויסזינגען.

און צוויבאַך פוילט זיך ניט און זינגט דיכטעריש.

אָ, די ווײַסע בע־ע־ע־רג...

מײַן טאַטע דערמאָנט זיך:

— איך וואָלט געמעגט שווערן,—זאָגט ער—אז דאָס האָט אמאָל געזונגען אפּ א כאַסענע עליאָקעם צונזער דער באַדכן...

צוויבאַך ווערט אינקאַעס.

— איר קלײַבט זיך כאָטש פאַנאַנדער אין ליטעראַטור, צי ניט?

און מײַן טאַטע ווײַזט אַרויס זײַן געשמאַק:

— זייער א שיין לידל,—שמייכלט ער.

צוויבאַך כאַפּט אים אָן פאַר אַן אַרבל.

איז הערט זיך אײַן ביזן סאָף!

דאָ מישט זיך אַרײַן מײַן מאַמע:

— איך האָב זיך טאַקע איצט דערמאָנט,—זאָגט זי,—ניט „אָ, די ווײַסע בערג" נאָר „איבער די בערג, און איבער די ווײַטע יאַמען, שיק מיט זון א בריוועלע, דײַן געטרײַער מאַמען"...

— צוויבאַך לויפט אַרײַן צו מיר אין צימער, פאַרהאַקט אהינטער זיך די טיר.

ער איז רויט, פאַרשוויצט און פול מיט קאַעס.

— וואָס ווייסן זיי,—שרײַט ער אויס,—זיי פאַרגלײַכן פּאָעזיע מיט באַדכאָנעס?..

איך מאַך זיך, אז איך שלאָף. צוויבאַך וועקט מיך און נויט מיר עפענען די אויגן.

— מע האָט אונדז פריִער געשטערט,—זאָגט ער מיט א בעטנדיקן טאָן,—איצט זײַנען מיר אליין, איך וועל אָנהויבן פון אָנהויב.

ער לייענט לאַנג.

מיר דאַכט זיך, אז איך וועל אַנשלאָפן. נאָר ווען איך כאַפּ זיך אויף דערפיל איך עמעצנס הענט אפּ מײַנע שלייפן און עמעצנס פינגער קוועטשן מיר די נאָז. מײַן פּאָנעם איז נאַס און שמעקט מיט נאַשאַטיר.

און צוויבאַך איז שוין ניטאָ.

עטלעכע טעג האָב איך אים ניט געטראָפן. נעכטן האָב איך אים ווידער באגעגנט. ער האָט זיך דערפרייט.

— איך האָב אָנגעשריבן א נײַע ליד, און האָב עס געלייענט פאר קריטיקער און פאר ליטעראטן זײַנען זיי פאַשעט אנציקט. איר ווילט הערן?

אָ, די ווײַסע בערג,
אָ, די ברייטע יאמען...

— אנטשולדיקט כאווער צוויבאכ.—האָב איך אים איבערגעשלאָגן,—איך האָב שוין פון דאָס ליד איין מאָל „געכאלעשט צו הערן"...

צוויבאכ איז אָבער אופגעלייגט און שמייכלט צופרידן.

— אזוא ליד שאט ניט צו הערן נאָכאמאָל, ביז מע דערפילט דעם געשמאק...

— איך האָב קיין געשמאק ניט,—האָב איך זיך געפרווט פארענטפערן.

— ניין, איר האָט א געשמאק...

— אָבער פּאָעזיע פארשטיי איך ניט...

— אָט, הערט וועט איר פארשטיין...

און ער נעמט מיך אונטערן האנט און גייענדיק אינ גאס לייענט ער פאר מיר ווידער הויך אפן קאָל דאָס ליד.

באנאכט, ווען איך האָב זיך געלייגט שלאָפן, האָט זיך מיר געדאכט, מע שרײַט מיר ארײַן אינ אויער:

אָ, די ווייסע בערג...

— — — — — —

איך ווער מיט מאטערניש אנשלאָפן. און עס כאָלעמען זיך מיר בערג און יאמען און איבער זיי שפאנט א מענטש מיט א צעעפנטן גרויסן מויל און ס'דאכט זיך מיר, אז באלד שלינגט ער מיך אײַן.

הײַנט אינדערפרי האָט ער מיר דערהיט לעבן קיאָסק פון די צײַטונגען.

— איך האָב אײַך געוואָלט דורכליינען א נײַע ליד,—האָט ער געזאָגט.

ער האָט נעבעך ניט געוווּסט, אז איך האָב באשטימט אים דערהארגענען.

— לייענט,—האָב איך אים פאָרגעלייגט זייער שטרענג, ווי איך וואָלט אים געגעבן געווער אינ האנט אפ צו פארטיידיקן זיך.

און ער האָט צופרידן גענומען לייענען:

אָ, די ווײַסע בערג,
אָ, די ברייטע יאמען...

— עס טויג ניט!—האָב איך אויסגעשאָסן און האָב אים פארוווּנדעט.

— הערט פריער אויס ביזן סאָף,—האָט ער זיך נאָך געצאפּלט:

אָ, איך האָב אײַך ליב,
ווי מײַן ליבען מאמען...

— זייער שלעכט!—האָב איך ווידער אויסגעשאָסן און האָב אים אינגאנצן דערהארגעט.

ער האָט זיך נאָך א פּאָר מאָל א צאפּל געטאָן און איז געבליבן אָן לאָשן.

ראָכל בוימוואָל

לאסקערב.

# לידער

מיר דוכט, איך בין אָט ערשט געוואָר געוואָרן
דעם סאָד דעם שרעקלעכן פון פלוצים בלײַבן אינדערמיט...
עס וועלן דורכגיין טעג, עס וועלן דורכגיין יאָרן—
מיר וועלן עלטער ווערן און דו ניט...

דיר, וואָס דו ביסט אונדזוערער, האָט גאָר אַן אָרן
אין פינצטערניש פון ערד אוועקגערויבט.
און דו האָסט זיך געלערנט, ארבעטן געפּאָרן
און ווי א קינד געהאָפט אלץ און געגלויבט.

ס'איז ווידער פרילינג איצט. אין פרילינג יענעם
האָט הימל איבער דיר זיך ערשט צעבלויט...
דערנאָך האָט הארבסט באשוועריקט דיר די ברעמען
און ווינטער ט'אָפּגעטײַלט דײַן לעבן פון דײַן טויט...

טאָמיד האָט דײַן ליד געצאפּלט ווי דײַן לעבן
און ס'האָט דײַן לעבן ווײַ געטאָן ווי דײַנס א ליד...
אוןביידן זיי האָסטו באוויזן אזוי ווינציק געבן
און ביידן האָסטו אָפּגעריסן אינדערמיט...

און ס'איז געוואָרן אומעגלעך באשטרײַטן
א קורצינקע יעדיעלע פון מינסק...
נאָר דײַנע שיינע לידער וועלן מיר דורך צײַטן
אלץ נאָך צווינגענע גלויבן, אז דו זינגסט...

---

# אין וועג

ווען שניי פון יענער זײַט אין האסטיקן געפלי צעבלאָזן ווערט
און איך פון דער זײַט אין זיסן שלעפער ליג,—
א דאנק דיר, מאשיניסט, פאר נאכט פאר שלאָפלאָזער,
פאר נאכט באם רודער מיט אָנגעשטרענגטן בליק.

דו פליסט פָארויס, און ס'בריט ביז ווייטעק דיר אין רוקן
א קייט וואגָאנעס אײַנגעהילטע איצט אין שלָאף.
דו אײַלסט פָארויס, דו טָארסט צוריק ניט קוקן,
דו קוקסט ניט און דו זעסט—א שלאל מיט לעבן פָארט דיר נָאך.

דו פליסט און קוקסט מיט אויגן העל־צעשפרייטע,
מיט אויגן ווי בא דעמ לָאקָאמָאטיוו...
דו זאמסט זיך ניט—עס קען דיך אָניאָגן א צווייטער
און טאָן מיט דיר צעווילדעוועט א שטיפ.

ביסט אופמערקזאמ און שטרענג צו יעדער דײַן באוועגונג,
ווי ווײַסע ראכוועסן צו דיר איצט זײַנען שטרענג,
וואָס האָסט זיך אײַנגעשטעלט מיט טויזנט אָטעמדיקע לעבנס
אופצוברויזן זייער שלעפערדיקע לעבן...

און אויב דו פירסט ארויס דעמ צוג פון נאכט א גאנצן
צו גרויסער סטאנציע, ווו א צווייטער וועט דיך באלד פארבײַטן,
אויב טראָפנס שווייס ווי ריטשקעס וואסער גלאנצן
באמ פאראוואָז אף מוסקולדיקע זײַטן.

אויב ס'ווײַזט מיט ראש זײַן מידקײַט פאראוואָז
און דו, א מענטש, באשיידן קערסט זיך אפ צוריק—
איז נעמ זשע צו מײַן דאנק פאר נאכט פאר שלאָפלאָזער,
פאר נאכט באמ רודער מיט אָנגעשטרענגטן בליק.

---

ש. פערסאָוו

# שאכא

אין איינעם א הויז אפ קראָפּאָטקין־גאס איז אַרײַנ א ברוינ־הויטיקער מענטש, אָפּגעשטעלט זיך אינ פארלעגנהײַט באם טיר און א פרעג געטאָנ עפּעס אפ אנ אומפארשטענדלעכער שפּראַך.

דער טיר־באדינער האָט אים אָנגעקוקט מיט פארדאכט: א טשיקאווער אויסלענדער! צו זומער איז נאָך גאנצ ווײַס, און דער איז אָנגעטאָנ אינ א לײַכט מאנטעלע און אינ זומערדיקע סאנדאלנ... און ווי שווארצ ער איז! א טרוקנ, מאָגער פּאָנעם, א געדיכט קוטשמעלע האָר איבערנ שטערנ, פינקלדיקע ציינ, ווי פּערלמוטער־קנעפּעלעך, און אינ די אויגנ—א פארשײַט פײַערל. מיסטאָמע א ציגײַנער!.. דער באדינער האָט אלצ געקוקט מיט כשאד, און דער אויסלענדער רעדט און בעט עפּעס אפ זײַנ אומפארשטענדלעכ לאָשנ. דאנ האָט דער באדינער איבערגעגעבנ אינ די צימערנ—זאָל עמעצער אהער ארויס, וואָס פארשטייט פרעמדע שפּראַכנ. א פרוי האָט זיך באוויזנ. אויך זי האָט אָנגעקוקט דעם מענטשנ מיט כשאד. עפּשער א סערב? זי האָט א פרעג געטאָנ:

— שפּריכנ זיי דויטש? פּארלע ווו פראנסע? דו יו ספּיק ענגליש?

— א, יעס!—דער אויסלענדער איז פונ פריידּ פארציטערט געוואָרנ און צערעדט זיך אינ א ריכטיקנ ענגליש. אָט איז שוינ עטלעכע שאָ ווי ער איז געקומענ צופאָרנ. ער האָט געווענדעט זיך צו צענדליקער מענטשנ, ווו קאָנ ער זענ די אקאדעמיקער יאָפע און לאזארעוו, נאָר קיינער פארשטייט דאָ ניט אפ ענגליש, ביזוואנענ ער האָט אָפּגעשטעלט עפּעס איינעם, וואָס איז אָנגעטאָנ ווי יענע, וואָס קוקנ דורכ די פּאספּאָרטנ אפנ גרענעצ, אינ א לאנגער שינעל און אינ א שפּיציק היטל מיט א רויטנ שטערנ, נאָר אויך דער ווייס ניט קיינ וואָרט ענגליש. ער האָט נאָר איינמאָל ניט זיכער א זאָג געטאָנ, ווי ער וואָלט אָנ עפּעס זיך דערמאָנט: „א—א—א!.. אקאדעמיקער יאָפע, לאזארעוו“... צוגעפירט אים צו אנ אווטאָמאָביל, מיט א זשעסט אײַנגעלאדנ אים ארײַנזועצנ זיך און אָפּגעשיקט אים אהער. דער אויסלענדער האָט פארענדיקט מיט א זיפצ.

— דער שאָפער האָט זיך אָפּגעזאָגט פונ געצאָלט.

— וואָסער שאָפער?—זי איז געוואָרנ אומגעדולדיק.—ווער זײַט איר?

— א בענגאלעצ...—האָט ער באשיידנ אָפּגעענטפערט.

די פרוי האָט אים אײַנגעלאַדן צו זיך אין צימער און געבעטן אים זיצן:

— פונוואנען זשע קענט איר די אקאדעמיקער יאָפע און לאזארעוו?

דער בענגאלעץ האָט דערציילט:

ער איז פון אינדיע, פון א דערפל ניט ווײַט פון דער טײַך גאנג. מע רופט אים אקכיי קומאר שאכא. ער האָט געענדיקט אין דאקא דעם פיזיק־מאטעמאטישן פאקולטעט, דערנאָך געוואָלט פאָרזעצן אין קאלקוטער אוניווערסיטעט אפ מאגיסטער, נאָר—אומזיסטע טירכע: זײַן היימלאנד איז ניט נאָך זײַנע קויכעס. ער גארט אָבער וויסנשאפט. אים איז ערשט זעקס און צוואנציק יאָר. איז ער געקומען אהער. נאָר דאָ האָט ער קיינעם ניט. ער האָט בלויז געהערט וועגן די בארימטע צוויי פיזיקער—יאָפע און לאזארעוו—זוכט ער זיי.

די פרוי האָט געהערט דעם אינדוס מײַסע און עפעס ניט געגלויבט. פון אינדיע ביז מאָסקווע אָן באקאנטע, אָן א באשטימטן ציל—דאָס שמעקט מיט אוואנטיורע. זי האָט א בעט געטאָן:

— דאָקומענטן, עפעס באווײַזן, וואָס זאָלן באשטעטיקן...

— יעס, לעדי!..—ער האָט זיך א וואָרף געטאָן אפ די קני צום טשעמאָדאנטשיק און דערלאנגט פון דאָרט דעם דיפלאָם. די דיסערטאציעס, א ריי אוניווערסיטעט־ארבעטן און א רעקאָמענדיר־בריוו פון א באוווסטן אינדוסישן פראָפעסער ראמאן. די פרוי איז אוועק מיט די פאפירן. אינגיכן איז זי געקומען צוריק און פײַערלעך אונטערגעטראָגן אים א יעדיע:

— די נאָענטסטע טעג וועט אײַך דער אקאדעמיקער לאזארעוו אופנעמען...

— אופנעמען!.. לאזארעוו!..—שאכא האָט דערפילט, ווי פון גרויס פרייד האָט אים דער אָטעם פארכאפט. ער האָט ארויסגעשלעפט א בלאָקנאָטל פון קעשעניע און מיט א ציטער־דיקער האנט פארשריבן די גרויסע געשעעניש:

„אפרעל, 1926. מאָסקווע".

— און איצט...—די פרוי האָט א שלײַך געטאָן איבער זײַן אָרעמער קליידונג,—רוט זיך אויס. עטלעכע טעג וועט איר וווינען דאָ, אין אונדזער צוזאמענוווינונג, און שפּײַזן זיך וועט איר אויך דערווײַל דאָ, בא אונדז... צאָלן וועט איר שפּעטער... איר וועט אָנהויבן ארבעטן, וועט איר...

בא שאכא האָבן די קני זיך אונטערגעבראָכן. ער האָט זיך אראָפּגעלאָזן אפן טשעמאָדאנטשיק, ווי א פאסאושיר, וואָס האָט אָקאָרשט פארשפעטיקט דעם צוג. אין אינדיע נאָך האָט ער געהערט וועגן דעם נײַעם לאנד, וועגן דעם גרויסן מענטש לענין, וואָס האָט אין דעם לאנד א סאָך געמאכט צו דער אומרעכט און די גאנצע גוטס פון די רײַכע צעטיילט צווישן אזעלכע, ווי ער—שאכא. אָבער אים וגער ווייס דאָ?.. ער האָט דאָך מיט קיין וואָרט ניט דערמאָנט, אז ער באלאנגט צו דער זייער נידעריקער קאסטע—שאכא, וואָס קומט ארויס פון די אינגעוויידן פון א כאזער, ניט צו פארגלײַכן מיט די מעכטיקע בראַמינען־קאסטעס, וואָס זײַנען געבוירן געוואָרן פון באזונדערע טיילן פון גאָטס קערפער... ער האָט איר אויך ניט דערציילט, אז ער איז אָן מיטלען, אז זײַנע עלטערן זײַנען אָרעמע פויערים, אז דאָס לעבן איז א שטיין—ניט אײַנצובײַסן... און דער מיטלײַד צו אים איז נאָר דערפאר, וואָס איז בא אים אזא נעבעכדיקער אויסזען...

— וואָס איז מיט אײַך...

— לעדי!...—דאָס קאָל האָט בא אים געציטערט.—איך פארשטיי פארוואָס מע ווײַזט מיר ארויס אזויפיל מיטלײַד... פריִער—דער שאָפער, איצט—איר... נאָר נעדאָוועס באליידיקן מיך!..

— נעדאַוועס? איר פּלאָנטערט צוויי באגריפן...—נאָר גלײַך איז זי אריבער אף א מונטערן טאָן.—נישקאָשע, אונדזער סאָוועטישע צײַט וועט אײַך אלץ אויסלערנען... איר וועט אפילע מיט דער צײַט וויסן, אז פאר אויסלענדער איז דאָ א ספראוועק־ביוראָ אף יעדן וואָקזאל און ניטאָ נאָך וואָס זיך וועגדן צו צופעליקע מענטשן, כאָטש דער מענטש אינעם שפּיציק היטל האָט אײַך אָפּגעשיקט לויט דעם ריכטיקן אדרעס. איר ווייסט, ווּ איר געפינט זיך! אין דער צענטראלער קאָמיסיע באם ראטפּאָלקאָם אף פארבעסערן דעם שטייגער פון די געלערנטע... מיר רופן דאָס קורץ: צע־קו־בו!.. און צעהאקט דאָס וואָרט אף דרײַ שטיקער.

שאכא איז געבליבן פארגאפט. ער האָט פארלאָרן דעם לאָשן. „פארבעסערן... דעם שטייגער פון די געלערנטע"...—האָט ער איבערגעכאזערט אין די געדאנקען. דערנאָך לאנגזאם ארויסגעשלעפּט דאָס בלאָקנאָטל און אין דער שורע, ווּ ער האָט פריִער פארשריבן „אפּרעל, 1926. מאָסקווע", צוגעגעבן א נײַ אומבאקאנט וואָרט:

„צעקובו"...

— נו, קומט עסן!..—האָט די פרוי פאָרגעלייגט.

זיי זײַנען אוועק אין עס־צימער און צוגעזעצט זיך צו א טישל. פלוצים האָט שאכא זיך פארקוקט אין פענצטער.

— ווידער קאלך!..—האָט ער פארוואונדערט א שעפּטשע געטאָן.—אין פעלד, ווען דער צוג האָט זיך געטראָגן, האָבן אויך זיך באגעגנט קאלך־פלעקן...

— קאלך? ווּ זעט איר קאלך?..—זי האָט זיך פאנאנדערגעלאכט.—דאָס איז דאָך שניי... די לעצטע רעשטלעך שניי...

— שניי!.. דאָס ערשטע מאָל זע איך שניי!..—בא אונדז ווינטערצײַט שטייען נעפּלען... מאראנצן וואקסן דעמלט...—נאָר דאָ האָט מען צוגעטראָגן דאָס עסן. און נאָז האָט א קיצל געטאָן מיט געבראָטנס.

— וואָס איז דאָס?—שאכא האָט פארדעכטיק א קוק געטאָן אין טעלער.

— פליישׁ.

— בעהיימע־פלייש!.. ער האָט אזש פארזשמורעט די אויגן, ווי ער וואָלט דערפילט א שארפן צאָן־ווייטעק.—ניי—יי—יין!.. בעהיימעס הארגענען מיר ניט... בא אונדז, אין אינדיע איז א בעהיימע הייליק!..—און מיט א פאָרכטיקן טראָט פארלאָזן דעם עס־צימער...

" " "

אף דער שיף צווישן אינדיע און אייראָפּע האָט מיט שאכא זיך פארינטערעסירט א פראנצויזיש פּאָר פאָלק.

ווי א סאָד האָט דער פראנצויז דערציילט דער מאדאם, אז אָט דער יונגער אינדוס מיטן דיפלאָם באקאלאוור פון פיזיק־קענטעניש האָט ניט מער ווי מיט עטלעכע וואָכן צוריק אָנגעטאָן דאָס ערשטע מאָל אין לעבן אן אייראָפּיישן אָנצוג—פריִער געטראָגן א כיטאָן, א שטיק ווײַסע שטאָף ארום לײַב. נאָר די ברוסט איז נאָך אלץ צעכראסטעט; ער קאָן זיך ניט צוגעוווינען צו קראוואטן—עס שטיקט. דער פראנצויז האָט אוועקגעשענקט דעם אינדוס אן אויסבינדער, יעדער טאָג געלערנט אים די מעלאָכע פון אויסבינדן און יעדער מאָל פאטעטיש אויסגערופן:

— מאָסיע! ביז איצט איז אײַער לעבן געווען ענלעך אף אונדזער שיף... אויך געהוידעט זיך אף כוואליעס... איצט אָבער, ווען איר פאָרט אין אונדזער פראנקרײַך, דאָרט

וועל איך שוין...—אָבער ווי נאָר מע איז אראָפּ אין מארסעל פון דער שיף, איז דער פראנצויז געוואָרן שרעקלעך אומגעדולדיק, געבלעטערט דעם וועג־ווײַזער, אונטעריאָגט דער מאדאם—זיי קאָנען נאָך באוויַיזן אפ דעם עקספרעס מארסעל־פאריזש און אוועק אָן א זײַ געזונט...

— און שאכא איז געבליבן אפן ברעג—עלנט און שווײַגנדיק. דאן איז ער געווען גליקלעך. אייראָפּע! ער האָט א טופּע געטאָן מיט א פוס, ווי ער וואָלט וועלן שטארקער דערפילן די ערד (הײַנט האָט ער דאָס ערשטע מאָל אין לעבן אָנגעטראָטן אפן אייראָ־פּייִשן באָדן) און ער האָט פארשריבן אין בלאָקנאָטל:

„אייראָפּע. פעווראל. 1926“.

פארשריבן און געבליבן זיצן אפן טשעמאָדאנטשיק. „און איצט וואוהין?“...—האָט ער געפרעגט בא זיך אליין, און געבליבן זיצן אָן אן ענטפער. צו פארנאכט האָט דער גאסנ־קערער אונטערגעראמט דעם ברוק און אויך דעם פרעמדן דורכגעטריבן פון דאנען.

פון מארסעל איז שאכא אוועק אין דער וועלט-שטאָט פון אוניווערסיטעטן—קיין פאריזש, נאָר וואוהין ער האָט זיך ניט געווענדעט, האָט מען אים גײַוועדיק אָפּגעשלײַדערט, באזונדערס די אינדוסן־סטודענטן, קינדער פון בראמינען, פון רײַכע און העכערע קאס־טעס. אין יענער צײַט האָט אין פאריזש זיך געפונען דער בארימטער אינדוסישער מאטע־מאטיקער שאטענדרא נאט באָס. שאכא האָט אים אָפּגעזוכט. באָס קאָן דעם סטודענט שאכא נאָך פון קאלקוטער אוניווערסיטעט. אן אָרעמער סטודענט. באָס איז געווען איבעראשט.

— אקכיי קומאר, ווי קומט איר אהער?..

— לערער!—שאכא האָט זיך פארנויגט אַז אינדוסיש.—איך גאר נאָך וויסנשאפט!.. און אויב מיר איז באשערט אומקומען, טאָ...

באָס האָט אים ניט געלאָזט ענדיקן. באָס האָט פארזיכערט: ער, באָס, ארבעט אין בערלין, און שאכא וועט אויך זײַן אין בערלין. דעמזעלבן טאָג נאָך האָט דער פּראָפעסער באָס אים באקאנט געמאכט מיט אן אסיסטענט פון א באוווּסטן אָנפירער פון א בערלינער פיזיק־לאבאָראטאָריע. און שאכא איז אָפּגעפאָרן קיין בערלין. דער באוווּסטער אָנפירער האָט אים אופגענומען, צוגעזאָגט ארבעט, נאָר מיט איין באדינג: צוערשט דרײַ כאדאָשים אומזיסט, א פּרוּוו־סטאזש...

דרײַ כאדאָשים! און עסן? און לעבן?.. עמעצער פון די לאנדסלײַט האָט אן אייצע געגעבן: „פאָר אין אמעריקע, אין די פארייניקטע שטאטן“... נאָר א צווייטער האָט דער־ווידערט: „בא דיר איז א קאָלירט הויט און א בלייכע קעשעניע... טויגסט ניט אהין“...

— עפשער אין לענין־לאנד?

נאָך מיט א דרײַ־פיר יאָר צוריק האָט שאכא געהערט א רעדנער—אן אינדוס, וואָס איז אָקאָרשט געקומען פון מאָסקווע צוריק קיין אינדיע. דער רעדנער האָט אָנגערופן דאָס לאנד מיט אן אייגנארטיקן נאָמען—לענין-לאנד. דעמלט האָט שאכא זיך דערוווּסט, אז אין לענין־לאנד שפּילט ניט דער הויט־קאָליר קיין שום ראָל. ווונדערבארע זאכן האָט ער זיך אָנגעהערט וועגן דעם לאנד, וואָס איז אזוי ווײַט, ערגעץ, אפ יענער זײַט וועלט... איצט אָבער... און שאכא האָט איבערגעציילט דאָס ביסל געלט: קאם־קאם אפ וועג־הוי־צאָעס דײַטשלאנד—לענין־לאנד....

און אָט איז שאכא אין מאָסקווע.

שוין אין די ערשטע טעג האָט ער דערזען דאָס, וואָס מיט דרײַ־פיר יאָר צוריק האָט ער בלויז געהערט. „בא אונדז אין אינדיע,—האָט דער רעדנער דעמלט געזאָגט,—הערן

מיר פון אלע זײַטן „נאָ עדיוקײשן פּאָר פור“...[1] און אין לענין־לאנד זײַנען „פּאָר פור“ צעעפנט אלע טירן... און אָט איז די ווירקלעכקײַט: דער אקאדעמיקער לאזארעוו האָט דורכגעקוקט שאכאס פּאפּירן, זײַנע אוניווערסיטעט־ארבעטן, דעם פּראָפעסער ראמאנס רעקאָמענדיר־בריוו און טײקעף צוגענומען אים אלס וויסנשאפטלעכן מיטארבעטער אינעם אינסטיטוט פון פיזיק און ביאָ־פיזיק. און אין די זעלבע טעג האָט דער אקאדעמיקער אײַנגעלאדן אים צו זיך אין קאבינעט און פּאָרגעלײגט אים אן אוואנס—א כוידעשדיקן געהאלט.

— איר נײטיקט זיך דאָך אוואדע...

בא דעם אינדוס האָבן די בלוטן א זעץ געטאָן אין קאָפּ: „בערלין פּאָדערט ארבעט אפ דרײַ כאדאָשים אומזיסט, און מאָסקווע גיט אוואנסן פּאָרויס... מיסטאָמע איז דאָס אדאנק מײַן אָרעמע אויסזען...—האָט שאכא א טראכט געטאָן.—מאָסקווע האָט אפ מיר ראכמאָנעס“... און מיט א שווער געמיט איז ער אוועק באקומען דעם כוידעשדיקן אוואנס.

„ „ „

עס זײַנען אָנגעשטאנען הײסע דושנע טעג. אפן צעווײכטן אספאלט בלײַבן שפורן פון די שיכ־קנאפּל, אלע קלאָגן זיך, ניטאָ מיט וואָס עטעמען, און שאכא לאכט: „אָט דאָס איז סײַדן היצ?“... אים, לעמאָשל, איז אינ אינסטיטוט אפילע קאלט. אינ אינסטיטוט—א געוועזענער „אסאָבניאק“—איז ווי אינ אן אלטן קלויסטער: קיל, רויִק און פײַערלעכ שטיל. אינ אָט דער שטילקײַט ארבעט שאכא. ער ארבעט איבער א רײנ־וויסנשאפטלעכער פּראָבלעם—וועגן דעם ספּעציפישן געוויכט פון גאז־ווארעמקײַטן. הונדערט־פּראָצענטיקע מארכ־ארבעט. קײן ברעקל געפיל. רײנע ראציע. דאָס פיצלסטע—דעם מאָלעקול—צעטײלט, צעשפּליטערט, אויסגערעכנט ביז דעם מינדסטן טעאָרעטישן גראד. העכסטע מאטעמאטיק.

אָן א צונג, א שטומער מיט די ארומיקע (דער אקאדעמיקער באהערשט בלויז פולקאָם די ענגלישע שפּראכ), א שטילער און א באשײדענער איז שאכא אָפּגעזעסן אפ יעדער פּאָרמולע און טאבעלע ביזוואנען ער האָט ניט דערגרײכט דאָס סאמע פּינקטלעכע, די סאמע בעסטע און העכסטע אויספירן. דער אקאדעמיקער האָט דאָס באמערקט און אונטערגעמונטערט אים.

— איר הויבט אָן בארעכטיקן דעם פּראָפעסער ראמאנס רעקאָמענדאציע...

— לערער!..—אלײן שאכא האָט אויכ דערפילט, ווי דאָס קאָל ציטערט בא אים, האָט ער זיך פארנויגט אפ אינדוסיש (צוגעדריקט די רעכטע האנט צום ברוסט) און אָפּגעדאנקט אפ אן אינדוסישן אויפן:—גרויסער לערער!.. איכ וויל טרינקען פון אײַערע טיפע וויסנשאפט־קוואלן...

— שאכא!..—דער אקאדעמיקער האָט זיך געפילט זײער ניט גוט.—צוליב וואָס אזא פּאטאָס?.. בא אונדז רעדט מען ניט אזוי... פּראָסטער!..

שאכא האָט אָפּגעענטפערט פּראָסט:

— איכ בין דאָך פון אינדיע, און אינדיע איז דאָס וויגעלע פון מאטעמאטיק...

דער אקאדעמיקער האָט בלויז א שמײכל געטאָן.

אויסער דעם אקאדעמיקער האָט מיט שאכא זיך פארינטערעסירט דער פּאָרזיצער פון נעם אָרטקאָם פון די אינסטיטוט־מיטארבעטער. דער פּאָרזיצער ארבעט אינעם אינסטיטוט־ווארשטאט אלס געוויינלעכער שלאָסער. אינ די יאָרן פון בירגער־קריג האָט דער מענטש זיך געשלאָגן אפן צאָפּן־פראָנט קעגן די ענגלענדער. פון דאָרט האָט ער געבראכט א צענ—

[1] בילדונג ניט פאר אָרעמע...

פּופּצן ענגלישע װערטער. און אָט מיט די אָנדערהאַלבן צענדליק װערטער עטלעכע מאָל פארפירט א שמועס מיט דעם אינדוס: װער איז ער, פונװאַנען איז ער, נאָך װאָס איז ער געקומען אהער און אף װי לאנג איז ער געקומען. שאכא האָט אים פארשטאנען און אָפגעענטפערט. און אז אין אינסטיטוט איז אװעק א רייד, אז דער אינדוס װײַזט ארויס פייִקייַטן און אליין דער אקאדעמיקער פירט אָן מיט זײַנע אויספאָרשערישע ארבעטן,— האָט דער פאָרזיצער אים איינמאָל געזאָגט:

— — צײַט שוין באמערקן אויך דאָס טאָגטעגלעכע לעבן און ניט בלויז די טאבעלעס און פאָרמולעס...

שאכא האָט געמאכט דעם אָנשטעל, ער פארשטייט ניט זײַן ענגליש, נאָר אז ער איז געבליבן אליין האָט ער גראָד זיך פארטראכט װעגן דעם פאָרזיצערס רייד.

שאכא שפּאצירט אָפּט ארום איבער דעם „אינדוסישן‟ ראיאָן. אין דער דירע, װו ער װוינט איצט, װוינט א שכיינע, א ביבליאָטעקערן, אן אלטע מויד אין שיך אף פלאכע קנאפל. אָט די שכיינע האָט אים דערציילט א מײַסע, אז די ערשטע װאָל־שטאָפּ װעבער אין דער אוראלטער מאָסקװע זײַנען געװען אינדוסן. געװוינט האָבן די װעבער צוזאמען אלע אין איין ראיאָן—אין כאמאָװניקי. כאמאָװניקי, האָט דערקלערט די ביבליאָטעקערן, נעמט זיך פון דאָס װאָרט קאמװאָלניקי—קאמװאָל.

— קאמװאָל?..—האָט שאכא איבערגעפרעגט דערשטוינט.—א קאָלדרע הייסט טאקע אף אינדוסיש קאמװאָל...

און ער האָט אופגעזוכט דעם „קאמװאָלניק‟־ראיאָן—דעם נאָװאָ־דעװיטשער פעלד און גאנץ אָפּט דאָ ארומשפּאצירט. ער איז ארומגעגאנגען און גערעדט מיט זיך אליין אף זײַן מוטערשפּראך (א צאָרע אין מאָסקװע—קיין איין מענטש קאָן ניט אף אינדוסיש!).

ער װעט נאָך צוריק קערן זיך אין אינדיע—מיט א נאָמען, מיט א שטאנד, כּלײַכט, טאקע, פּראָפעסער פון מאטעמאטיק, אזא װי באָס, װי ראמאן, װי אנדערע אינדוסן־געלערנטע. דער אקאדעמיקער לאזארעװ איז א מענטש מיט קאָלאָסאלער װיסנשאפט, מיט א װעלט־נאָמען, לעבן אים װעט ער זיך האלטן, װי א בוים האלט זיך באם װאָרצל. און װי פון װאָרצל זויגט דער בוים לעבן, אזוי װעט ער זויגן װיסנשאפט פון דעם אקאדעמיקערס קװאלן. דעם פאָרזיצערס װערטער זײַנען פאר אים מעקענע אפן װינט. װאָס פארא שײַכעס האָט א פיזיקער, אן אינדוס צום מאָסקװער טאָגטעגלעכן לעבן! זײַן געביט איז—ריינע װיסנשאפט, העכסטע מאטעמאטיק. מיט אזא באגעגעניש װעט ער זיך אָנלאָדן, װי א העלפאנד װערט אָנגעלאָדן מיט לאסט און—צוריק אין אינדיע און דאָרט:

— פּראָפעסער אקכיי קומאר שאכא!...

א שארפער טראמװײַ־גרילץ האָט צעפודיעט שאכאס טרוימען. ער האָט דערזען, אָט בויט זיך א ריזיקע געבײַדע—אן ארבעטער־קלוב. אײַזן־בעטאָן און גלאָז. אסאך לופט, ליכט, רוים. און מיט עטלעכע גאסן װײַטער האָט ער דערזען בויט זיך א גאנץ שטעטל—א ריי קװארטאלן, ציגלנע קאָרפּוסן פאר סטודענטן, פאר געלערנטע. און װעגן אים האָט װער געטראכט, װען ער האָט זיך געלערנט אין די אוניװערסיטעטן? ער האָט דעמלט געלעבט פון אוראָקן. קאם געקראָגן איין אוראָק. דאָס האָט געקלעקט נאָר אף באצאָלן סכארלימער אין אוניװערסיטעט. און אף א װאָסער ניט איז נישטיק צימערל האָט שוין ניט געסטײַעט. און שאכא דער סטודענט האָט געפונען א װינקל אין דעם סאמע אָרעמסטן באראק אין קאלקוטע—װו עס װוינען שמוץ־פירער, די „גאָלרענע ראָטע‟... שאכא איז געשטאנען בא די בויענדיקע קאָרפּוסן אין מאָסקװע און גערעדט מיט זיך אליין:

— עפשער איז דער פּאָרזיצער גערעכט. זע, וואָס ארום טוט זיך!...

ער האָט פארלאָזן דעם „אינדוסישן" ראיאָן. אינעם באלויכטענעם, צעעפנטן זומער־דיקן טראמוויי־וואגאָן האָט נאָך שארפער זיך געפילט די לינדקייט פונעם מאָסקווער אָוונט און דער האָפערדיקער ברויז פון צוויי קאָמאנדעס פוטבאָליסטן—א סטודענטישע און פונעם זאוואָד „קאוטשוק". שאכא האָט אף זיי געקוקט מיט קינע:

— יוגנט!... און איך בין סײַדן אלט?...

* * *

אומגעפער א וואָך פאר דעם אָקטיאבער־יאָנטעוו איז ארויסגעפאלן דער ערשטער שניי.

שאכא איז אופגעשטאנען מיטן זון־אופגאנג, און ווי אלע טאָג געשטעלט זיך טפילע טאָן צו דער אופגייענדיקער זון. אָט איז שוין א האלב יאָר, ווי ער איז אין לאנד און ניט דורכגעלאָזן קיין איין זון־אופגאנג. דעם געבעט באגלייט ער מיט קאוואָנע, מיט הארץ, מיט געפיל, פונקט ווי ער וואָלט זיך געפונען אף די ברעגן פון דעם הייליקן גאנג. הײַנט אָבער, ווי נאָר ער האָט זיך געשטעלט צו מיזרעך האָט ער דערזען דעם ווײַסן צודעק און איז פארצ׳טערט געוואָרן. איצט ווייס ער שוין ווי געהעריק דערפילן דעם טאם פון רוסישן שניי... שניי איז ניט קאלך!... ער איז א באָרוועסער ארויסגעלאָפן אין הויף און דורכגעדרייט זיך עטלעכע מאָל איבער דעם פארשנייטן ברוק.

דער שניי איז געווען לײַכט און וואסערדיק, צו פארנאכט פארוואנדלט געוואָרן אין בלאָטע און צו פארנאכט האָט שאכא דערפילט קאָפ-שמערצן, פיבער און א קראצעניש אין האלדז, ווי דאָרט וואָלט געשטארצט א דינינקע פיש־ביינדעלע.

א טאָג דרײַ איז שאכא אָפּגעלעגן איינער אליין. ער האָט אפילע אויסגעמײַדט די שכיינים: פּאָשעט געשעמט זיך דערציילן וועגן דעם נארישן אײַנפאל, וואָס האָט אים אָנגעטשעפעט די קרענק. אפן דריטן טאָג איז אומגעריכט געקומען צוגיין דער פּאָרזיצער פונעם אָרטקאָם. שאכא האָט זיך פארלאָרן. דער פּאָרזיצער—רעכנט ער—באציט זיך צו אים ניט איבעריק גוט. אָט לעמאָשל גאָר ניט לאנג, מיט עטלעכע טעג צוריק, בײַם דער אלגעמיינער פארזאמלונג פון די אינסטיטוט־מיטארבעטער האָט דער פּאָרזיצער ווידער גענומען צושטיין מיט זײַנע אלטע טײַנעס און געזאָגט הויך דער גאנצער פארזאמלונג:

— הער קאָרשט, דו אינדוס! אונדזער לאנד איז ניט אן אקוואריום און דו ביסט ניט דאָס גאָלדענע פישל... גענוג אָנקוקן די וועלט דורך א גלעזערנעם קאָלפּאַק...

דער פּאָרזיצער איז דעמלט געווען העכסט צערייצט און בייז. און מיטאמאָל איז גראָד ער געקומען אים געווירע ווערן.

— וואָס איז מיט דיר?—האָט דער פּאָרזיצער בייז א בורטשע געטאָן.

שאכא האָט דערציילט דעם ריינעם עמעס און בעגעבן זיך א קורצע כאראקטעריסטיק, מיט איין וואָרט.

— באלדא!...

דער פּאָרזיצער האָט זיך פארקײַכט פון געלעכטער און ארויסגעלאָפן פונעם צימער. שאכא האָט ניט פארשטאנען, פארוואָס איז ער דאָס אנטלאָפן? „ער ווייס שוין בא א האלבע מייע רוסישע ווערטער און „באלדא" איז א רוסיש וואָרט"... אינגיכן איז דער פּאָרזיצער צוריק געקומען.

— איך האָב גלײַך פארשטאנען,—האָט ער געזאָגט,—אז מיט דיר איז עפּעס געשען. דו וועסט אָן אן אורזאך ניט בלײַבן אינדערהיים...

דערנאָכ האָט ער דערציילט, אז דאָס איז ער געלאָפּנ קלינגענ אינ אמבולאטאָריע. עס איז ניט קיינ שפּילכעלע א מענטש פונ א טראָפּישנ קלימאט זאָל באָרװעסערהייט ארומ לױפנ איבערנ שניי.

— אונ היילנ װעט מענ דיכ אומזיסט...

— איכ בינ בעקױעכ באצאָלנ!... איכ פארדינ!...—האָט שאכא באליידיקט אָפּגעענטפערט.

אױב אזױ ביסטו דאָכ טאקע א באלדא!...—האָט דער פּאָרזיצער גוטמוטיק זיכ צעשמייכלט. אונ צװיי מענטשנ—איינער מיט א זאפּאס פונ צענ־פּופּצנ צעקאליעטשעטע ענגלישע װערטער, דער צװייטער—מיט א האלבער מייע פארפלאָנטערטע רוסישע װערטער האָבנ פארפירט א געשפּרעכ װעגנ דעמ פּאָרשטייענדיקנ אָקטיאבער־יאָנטעװ, װעגנ געשלעגנ מיט די ענגלענדער אונטער ארכאנגעלסק, װעגנ שטייגער, װעגנ סאָװעטישער הילפּ אונ בורזשואזער נעדראָװע, װעגנ דעמ אינסטיטוט, װעגנ דער דאָרטיקער ארבעט. אונ פארנ אװעקגיינ האָט דער פּאָרזיצער א פרעג געטאָנ זייער אינטימ, װי זיי װאָלטנ געװאקסנ פונ קינדװייז צוזאמענ:

— נו, שאכושא, איצט װייסטו שוינ, װאָס איז אזױנס שניי?...

שאכא האָט זיכ ניט געריכט אפּ אזא װארעמקייט. האָט ער אָפּגעענטפערט פארשעמט:

— ניט נאָר איכ װייס, נאָר איכ פיל שוינ...—אונ א שנעל געטאָנ זיכ אינ האלדז.

— נו, שאכושא, װער גיכער געזונט אונ קומ צוגיינ אפּ דער דעמאָנסטראציע.

יענע נאכט האָט שאכא מיט אנ אױג ניט צוגעמאכט. די לעצטע רייד דעמ פּאָרזיצערס האָבנ אימ שטארק גערעגט, אונ ניט װייניקער האָט אימ גערעגט ניט װיסנ דאָס היגע לעבנ, דעמ שטייגער, אז אפּ באקומענ סאָװעטישע מעלוכע־הילפּ האָבנ ניט אלע דאָס רעכט. מענטשנ האָבנ פארגאָסנ בלוט פאר אָט די רעכט אונ ער איז ארומגעגאנגענ א באליידיקטער. „איר פלאָנטערט צװיי באגריפנ"...—האָט ער זיכ דערמאָנט דער פּרױס װערטער אינ צעקובו.

דעמ 7-טנ נאָיאבער האָט געבלאָזנ א שארפער װינט, די װאָלקנס זײַנענ געהאנגענ שװערע, אָנגעדראָלענע, אָט־אָט רײַסנ זיי זיכ ארונטער אונ צעשמײַסנ די גאסנ מיט קאלטע, שטעכיקע רעגנ־טראָפּנדלעכ. די גאסנ אָבער זײַנענ ניט ניספּאָעל געװאָרנ: אפּ װײַטע קילאָמעטערס האָבנ זיכ געצױגנ לעבעדיקע סטענגעס אונ] אינ דער ברייט פונ טראָטואר ביז טראָטואר. שאכאנ האָט זיכ געדוכט, ניט ער גייט, נאָר עס טראָגט אימ, ער שװימט, ער פילט ניט די ערד אונטער זיכ. אלע װײַלע האָט ער זיכ אופגעשטעלט, א צי געטאָנ זיכ אפּ די שפּיצ פינגער אונ געכאפּט א קוק פאָרױס אונ אהינטער. עס האָט זיכ ניט געזענ ניט קיינ אָנהױב, ניט קיינ סאָפ. פאָנענ! אָנ א ברעג פאָנענ! עס האָט געשװינדלט אינ די אױגנ; אונ פונ אלע זײַטנ האָט זיכ געטראָגנ א דורכױסיקער יובל־געשריי. שאכא האָט אױכ געזונגענ אפּ זײַנ שפּראכ, אפּ בענגאליש אונ געװיגט זיכ אינ א װונדערבארנ הינערפלעט. אפּ א װײַלינקע נאָר איז ער געװאָרנ אױסגעניכטערט: די פארװאָלקנטע הימלענ האָבנ זיכ צעהודזשעט מיט פילצאָליקע שטאָלענע פייגל. אלע האָבנ פאריסנ די קעפּ אונ א מעכטיקער הורא האָט אונטערגעהוידעט די פייגל. אױכ שאכא האָט פאריסנ דעמ קאָפּ, נאָר טייקעפּ אײַנגעצױגנ צוריק, װי ער װאָלט אױסגעמיטנ א קלאַפּ: א לופט־עסקאדריליע אינ אינדיע, באטײַט—גיכער באהאלט זיכ! אלצ װערט אױסגעשטאָרבנ... אונ דאָ — שטײַגנ די יובל־געשרייענ אלצ מעכטיקער אונ העכער. אונ אלצ צוזאמענ—די עסקאדריליע, די לעבעדיקע סטענגעס, די גרױסע פרייד, דער ארײַנגעפלאָכטענער שאכא—זײַנענ אװעקגעשװומענ אינ איינ ריכטונג—צומ רױטנ פּלאצ.

און אז מע איז דורכגעגאנגען דעם רויטן פּלאַץ און שאכא איז אביסל געקומען צו זיך, האָט ער ארויסגעשלעפּט דאָס בלאָקנאָטל און פארשריבן:

„לענינ־לאנד... נאָיאבער״...

אינאָווּנט האָט שאכא ניט געקענט אינ שטוב אײַנזיצן. ער איז ארומגעגאנגען פונ גאס צו גאס, פונ פּלאַץ צו פּלאַץ און אָנגעקוקט די איליומינירטע שטאָט. מיט הונדערטער אײַנפאלן און אויפאנימ איז געווען אויסגעפּלאָכטן און אויסגעהעפט מיט עלעקטרישע לעמפּלעך דער רוימישער ציפער IX. די גאסן האָבן געשוויבלט מיט מענטשן. שאכא האָט א פארגאפטער ארומגעבלאָנקעט איבער די יאָנטעוודיק־באלויכטענע גאסן פונ דער שטאָט מאָסקווע און געטראכט גאָר ווענן אינדיע: ווי לאנג איז דאָס געווען, ווען ער, שאכא, דער סטודענט האָט נאָך לאנגע מאטערנישן און זוכענישן געפונען א גוט־באַצאָלטן אוראָק, מיט עסן האָט דער באלעבאָס געצאָלט. בייסן עסן זײַנען די שילער—קינדער פונ א העכערער קאסטע, פונ א טייל פונ גאָטס קערפּער, געזעסן אינ שטוב, אפ בענקלעך, און דער לערער, שאכא, א דערוואקסענער מענטש, האָט געמוזט עסן אינ הויף, אפ דער ערד. אזוי איז דער געזעץ: א מענטש פונ דער קאסטע שאכא, וואָס קומט ארויס פונ די אינגעווידן פונ א כאזער טאָר ניט זיצן אפ א באנק אינ דער אָנוועזנהײַט פונ א מענטשן פונ א העכערער קאסטע. א שאכא טאָר אפילע ניט שטיין אינעם שאָטן פונ א בראמין און דאָ, אינ דער פרעמדער שטאָט מאָסקווע, איז ער אנ אייגענער, א טרײַער, צוגלײַך מיט הונדערטער טויזנטער אנדערע מארשירט ער אינ די רייען פונ דעם הערלעכן יאָנטעוו, פארבײַ דעם מאוזאָליי, ווו עס ליגט דער גרויסער לענינ, ווי ער וואָלט זיך צוגעלייגט אָפּרוען...

שפּעט איז שאכא ארומגעגאנגען איבער די גאסן, און אז ער איז געקומען אהיים האָט אים אויך קיינ שלאָף ניט גענומען. מיט אָפענע אויגן האָט ער זיך דערוואַרט דעם פארטאָג, נאָר ער איז ניט אופגעשטאנען. דאָס ערשטע מאָל אינ לעבן ניט אופגעשטאנען טפילע טאָג צו דער אופגייענדיקער זונ.

אפ דער ארבעט אינ אינסטיטוט איז שאכא געקומען ווי געוויינלעך—פונקט צודערצײַט, און ווי געוויינלעך ארויסגענומען די פּאפּירן און פארטיפט זיך אינ זיי, עס איז צוגעגאנגען דער אקאדעמיקער (יעדן טאָג גייט ער ארום די מיטארבעטער און באגריסט זיך מיט יעדן באזונדער פאר דער האנט). שאכא איז אופגעשטאנען פונעם אָרט און פארנייגט זיך מיט גרויס דערעכערעצ:

— לערער!—האָט ער געזאָגט—אונדזער וויסנשאפטלעכע ארבעט איז עפּעס שטארק פארבונדן מיט דעם טאָגטעגלעכן...

— מיט וואָס?—דער אקאדעמיקער האָט אוש אָנגעשטעלט דעם אויער.

— מיט דעם לעבעדיקע לעבן... מיט דער פּראָדוקציע...

דער אקאדעמיקער איז געבליבן שטיינ א פארגאפטער.

״ „ ״

שאכא איז א מענטש אנ אײַנגעשפּארטער, אנ עקספּאנסיווער, אנ אומגעדולדיקער נאָר אז ער דארף עפּעס דערשלאָגן זיך כאפּט בא אים געדולד אפ יאָרן.

עטלעכע יאָר האָט ער געדולדיק געזאמלט ריינע וויסנשאפט אינעם פיזיק־אינסטיטוט, ווי א ענערגיע־אקומוליאטאָר. ער האָט פאר די עטלעכע יאָר אָנגעזאמלט א היפש ביסל רוסישע ווערטער, נאָר ארויסגערעדט האָט ער זיי, ווי אלע אויסלענדער—מיט א פאלשן טראָפּ און אויספראך. ער האָט פאר דער צײַט באוויזן אפילע זיך באקענען מיט

א שטיק לאנד (אינ אנ עקסקורסיע איבער קאווקאז אונ בײַקאווקאז). ערגעצ אינ דאגעסטאנ, באם קאספּישנ יאם האָט ער זיך באקענט מיט א פישער—א דאגעסטאנער. דער דאגעסטאנער האָט אָנגענומענ שאכאנ פאר א לאנדסמאנ—אויכ ברוינהויטיק, אונ דערעדט זיך מיט אים אפ מאמע-לאָשנ, נאָר גלײַכ פארשטאנענ דעמ טאָעס אונ אריבער אפ א געבראָכענעמ רוסיש. שוינ א יאָר פופציק, ווי ער, דער פישער לעבט פונעמ יאמ, א לעבנ אָפגעהאָרעוועט אפ יענעמ, גאָר ניט לאנג האָט זיי זיך אײַנגעגעבנ אָרגאניזירנ א פישעראַרטעל אונ ער איז דאָרט פאָרזיצער.

— עמעס,—האָט דער פישער א פרעג געטאָנ,—אז עס זײַנענ פאראנ אזעלכע זייגערלעכ, וואָס זאָגנ פאָרויס א שטורעמ-ווינט אפנ יאמ?

— עמעס!—האָט אָפגעענטפערט שאכא.—באראָמעטערס הייסנ זיי. אינ אויסלאנד האָב איכ זיי געזענ.

— אינ אויסלאנד!..—דער אלטער האָט אָפגעזיפצט.—עכ, פאר אונדזער קאָלווירט אזא שפּילכעלע.. שוינ צײַט אונדזער יוגנט זאָל זיך אויסלערנענ מאכנ אזעלכע זייגערלעכ... איכ וועל דאָס פאָרלייגנ דעמ דאגציק...

— ווענענ!

— איכ בינ דאָכ מיטגליד פונ דעמ דאגעסטאנער צענטראלנ אויספיר-קאָמיטעט... אונ ציק—דאָס איז אליינ די רעגירונג!..

אונ וואָס מער שאכא האָט געלעבט אינ פארבאנד—אלצ מער איז אים געוואָרנ קלאָר. אז די מעלוכע האָט אים געגעבנ פיל מער, איידער ער—איר, אז זײַנ ווסנשאפט איז נאָכ ניט אויסגענוצט אונ ער איז א גרויסער באלכויוו דעמ ראטנפארבאנד. אונ שאכא האָט זיך ארומגעטראָגנ מיט זײַנע פּלענער: ער וועט זיך אומקערנ קיינ אינדיע, ער וועט דאָרט דערציילנ אונ דערציילנ, אונ באזונדערס וועט ער באטאָנענ, אז אפילע פּראָסטע פישער זאָרגנ זיך וועגנ זאוואָדנ, וועגנ דער יוגנט, וועגנ דעמ לאנד. אונ אינ אינדיע זײַנענ פישער די נידעריקסטע פונ די נידעריקע, די פישער-קאסטע שטייט נאָכ נידעריקער פונ דער קאסטע שאכא, נאָכ איידער ער פאָרט אָפ צו זיך אהיימ מוז ער פריִער באצאָלנ דעמ כויוו אונ באצאָלנ מיט מאמאָשעסדיקס—אלע זאָלנ דאָס פּראקטיש דערפילנ...

די ערשטע פּראקטישע ארבעט האָט שאכא באקומענ בא די גאז-אויוונס אפ דעמ זאוואָד פונ לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס אינ ראָסטאָוו-דאָנ.

אפ דעמ ראָסטאָווער סעלמאש ווערנ אָנגעווענדעט בא אלע אָנווארעמ- אונ גלי-פּראָצעסנ איינ הייצ-מיטל—גאז. גאז גיט זייער א הויכנ קאָעפיציענט ווארעמקײַט. דאָס וויס שאכא פונ זײַנע אויספאָרשערישע ארבעטנ אינעמ אינסטיטוט איבער דער פּראָבלעמ וועגנ דעמ ספּעציפישנ געוויכט פונ גאז-ווארעמקײַטנ. אונ דאָ אפ דער פּראקטיק האָט דער פיזיקער שאכא דערזענ דאָס, וואָס פריִער האָט ער וועגנ דעמ געוווסט בלויז טעאָרעטיש. דאָ ווערנ ברייט אויסגענוצט אָנפלאמיקע גאז-ברענערס—אָנ א פלאמ ברענט דער גאז אזעלכע ברענערס גיבנ א שטארקערנ אָנגלי. שאכא האָט זיך פארינטערעסירט מיט אָט דעמ פּראָצעס אונ דערוווסט זיך: פונקט אזוי ווי ניט די קאָלדרע ווארעמט דעמ מענטשנ, נאָר דער מענטש גיט ארויס פונ זיך ווארעמקײַט, די קאָלדרע פארהאלט די ווארעמקײַט אונ ווארעמט מיט דעמ דעמ מענטשנ, פונקט אזא פּראָצעס קומט פאָר מיט די אָנפלאמיקע גאז-ברענערס. פלאמיקער גאז גליט אָנ צוערשט די פײַערפעסטע ציגל אינ די אויוונס, די אָנגעגליטע ציגל פארהאלטנ די ווארעמקײַט אונ פארגרעסערנ די היצ, וואָס עס שפּארט

אפ זיי פונ די אָנפלאמיקע גאז־ברענערס. פונ קעגנזײַטיקער היצ באקומט זיכ א גרעסערער עפעקט ווארעמקײַט.

מיט די אָנפלאמיקע גאז־ברענערס איז אפנ זאוואָד א שטענדיקע קאָפדרייעניש: דאָס ווערנ זיי אָפט קאליע, דאָס זײַנענ זיי ניט אָנגעקומענ פונ אויסלאנד (אויסשליסלעכ אנ אימפאָרט־ארטיקל), דאָס בינדנ אָנ די אויסלענדישע פירמעס א צוואנג־אסאָרטימענט—מיט איינ וואָרט—צאָרעס. אונ נאָכ לאנגע טראכטענישנ איז שאכא געקומענ צום אויספיר: אינ א לאנד, ווו פישער זאָרגנ זיכ פאר קאדרענ־ספעציאַליסטנ, זאָל איכ אנ אינזשעניער ניט זאָרגנ פאר מײַנ פאכ?..

כאדאָשימ לאנג האָט שאכא געפאטערט גאנצענע נעכט אפ אנ אויסבאהאלטענער ארבעט. צונויפגעשטעלט טאבעלעס, סכעמעס, צייכענונגענ. אונ דערנאָכ איז ער אוועק צום הויפט־אינזשעניער פונ די גאז־אויוונס אונ געזאָגט אימ:

— איכ ארבעט איבער א דערפינדונג פונ א סאָוועטישנ גאז־ברענער. העלפט מיר!

דער הויפט־אינזשעניער האָט געהאָלפנ: דערלאָזנ אימ צו די גאז־אויוונס אפ אויספרובירנ דעמ גאז־ברענער, דורכגעקוקט א ריי טאבעלעס אונ אויסרעכענונגענ. נאָכ עטלעכע כאדאָשימ איז שאכא נעכט ניט געשלאָפנ אונ סאָפקאָלסאָפ דערלאנגט א מעלדונג אינ דער ביוראָ פונ ארבעטער־דערפינדונגענ. אינ דער מעלדונג האָט ער שוינ פאריינס אָפגעדאנקט דעמ הויפט־אינזשעניער פאר דער פראקטישער הילפ. אינעמ זעלבנ טאָג איז אינ „בריז" אָנגעקומענ נאָכ א מעלדונג—פונעמ הויפט־אינזשעניער, אז ער איז דער דערפינדער אונ שאכא בלויז זײַנ געהילפ.

דער גאנצער זאוואָד האָט גערעדט וועגנ דעמ טשיקאווע קאָנפליקט. בלויז שאכא האָט אופגעהערט ריידנ. ער איז נאָר איינמאָל ארײַנגעגאנגענ צומ סעקרעטאר פונ דער פארטיי־אָרגאניזאציע דערציילט אימ דעמ גאנצנ איניענ אונ פארענדיקט מיט א פראגע:

— פארוואָס פאָלגט ער ניט לענינענ?..

— ווער?

— דער הויפט־אינזשעניער. לענינ האָט געהייסנ לעבנ אָרנטלעכ אונ ער פארנעמט זיכ מיט גנייווע...

דער סעקרעטאר האָט א שמייכל געטאָנ. אימ איז געפעלנ געוואָרנ שאכאס נאַיווער צוגאנג צו מענטשנ. ער האָט אימ בארויִקט:

— מירנ זיכ פאנאנדערקלײַבנ. גייט ארבעטנ!..

דעמ איניענ האָט מענ באהאנדלט אפ א ספּעציעלער פראָדוציר־בעראטונג. די פארזאמלונג איז געווענ געפאקט. איינער פונ די עקספערטנ האָט א פרעג געטאָנ דעמ הויפט־אינזשעניער:

— דערקלערט אונדז דעמ גרונט פונ די צענ פראָצענט עקאָנאָמיע, וואָס אײַער גאז־ברענער דארפ געבנ.

— צענ פראָצענט? ווו האָב איכ געזאָגט, אז עס גיט...—דער אינזשעניער האָט ניט דערעדט, אונ אלע האָבנ דערפילט, ווי דער מענטש האָט זיכ א חאקל געטאָנ. דיזעלבע פראגע האָט מענ פארגעבנ דעמ אויסלענדישנ ספעציאַליסט—שאכא. שאכא איז געזעסנ זייער פאסיוו, ווי ער וואָלט געדרעמלט. ער איז פויל אופגעשטאנענ פונעמ אָרט, אונ אינ א צעבראָכענעמ רוסיש גענומענ גאָר ריידנ וועגנ זײַנ פארגאנגענהײַט. ער האָט דערציילט וועגנ זעקס אונ צוואנציק יאָר אינ אינדיע, וועגנ פינפ יאָר אינ ראטנפארבאנד—פונ בוקנ זיכ צו דער זונ ביז דער דערפינדונג. אונ וואָס מער ער האָט גערעדט, אלצ מער האָט

ער זיכ צעפלאַמט. אונ אז ער האָט גענומענ דערקלערנ די פרינציפנ פונ דער דערפינדונג ביכלאַל אונ פונ די צענ פראָצענט עקאָנאָמיע ביפראַט, איז יעדער טאַבעלע אונ פאָרמולע געוואָרנ טעטיק, אז אָט־אָט אונ דער גאַז־ברענער—אנ אָנגעצייכנטער אפנ פאַפיר וועט אָנהויבנ פלאַקערנ מיט דעמ גרעסטנ אָנגלי.

דער הויפט־אינזשעניער האָט זיכ ניט אונטערגעגעבנ, זײַנע אָנהענגער האָבנ אימ אויכ אונטערגעהאַלטנ. א וואָרט האָט באַקומענ דער סעקרעטאַר פונ דער פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, ער האָט וועגנ דער דערפינדונג קיינ וואָרט ניט דערמאָנט. ער האָט גאָר גערעדט וועגנ דעמ ריזיקנ באַטײַט פונ די זעקס באַדינגונגענ, וואָס דער כאַווער סטאַלינ האָט אַרויסגע־רוקט אינ זײַנ לעצטער רעדע אפ דער באַראַטונג פונ די ווירטשאַפטלער. דער סעקרעטאַר האָט גענוי אונ אַלזײַטיק גערעדט וועגנ יעדנ פונקט באַזונדער, וועגנ סטאַלינס אָנווײַזונ־גענ אפ דער ראָל פונ דער טעכנישער אינטעליגענצ בא אונדז אינ לאַנד אונ פאַרענדיקט האָט דער סעקרעטאַר מיט א קער דעמ קאָפ צו שאַכא:

אַליינ די טעכנישע אינטעליגענצ וועט אונדז העלפנ אַרויסטרײַבנ פונ אירע רייענ אַלערליי מינימ שאַנטאַזשיסטנ.

אונ אז די פראָדוציר־באַראַטונג האָט פעסטגעשטעלט שאַכאַס אַווטאָר־רעכט אפ דער דערפינדונג, האָט שאַכא ווידער זיכ געווענדעט צו דער פאַרזאַמלונג:

— אינ אינדיע נאָכ האָב איכ געהערט, אז דער קיעװ פונ לענינ־לאַנד איז דער עמעס... איכ בינ דעמ לאַנד א באַלכויוו. טאָ נעמט עס!...—אונ דערלאַנגט די דערפינדונג דעמ סעק־רעטאַר פונ דער זאַוואָדישער פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע.

די פאַרזאַמלטע האָבנ אָפגעענטפערט מיט א רוישיקער באַגײַסטיקונג.

אפ מאָרגנ איז אינ דער זאַוואָדישער פילטיראַזשקע געווענ אָפגעדרוקט א גרויסער אַרטיקל מיט אנ אָפשאַצונג דעמ פאָליטישנ אונ פראַקטישנ זינ פונ דעמ קאַמפ אַרומ דער דערפינדונג. אפ מאָרגנ ה ויפט-אינזשעניער פונ די גאַז־אויוונס פאַרלאָזנ דעמ זאַוואָד אונ אפ מאָרגנ האָט „עמעצער" צעלאָזנ א קלאַנג—לעכאַטכילע איבערנ זאַוואָד אונ דערנאָכ ביז דעמ קאָמיטעט פונ דערפינדונגענ, אז שאַכאַס דערפינדונג איז שאַנטאַזש, פראָסט געגאַנוועט בא אויסלאַנד, פלאַגיאַט.

שאַכא איז א־מענטש אנ אײַנגעשפאַרטער, אנ עקספּאַנטיווער, אנ אומגעדולדיקער. זײַנ גאַנצע עקספאַנסיע האָט ער אַרײַנגעלייגט אינ דעמ איניענ אונ דערפירט עס ביז מאָסקווע. אינ מאָסקווע האָט מיט דער זאַכ זיכ פאַרינטערעסירט דער רעדאַקטער פונ דער אײנציקער סאָוועטישער ענגלישער צײַטונג. בא דעמ רעדאַקטער זײַנענ שוואַרצע, געדיכטע וואָנצעס, ווי בא ניצשענ אונ קישעלעכ אונטער די אויגנ. דאָס גיט אימ צו א בייזנ אויס־זענ—אַזוי אַלנפאַלס האָט שאַכא געטראַכט, ווענ ער איז געזעסנ באַמ רעדאַקטער, אויסדערק־ציילט אימ דאָס האַרצ אונ דער רעדאַקטער האָט געשוויגנ. דער רעדאַקטער האָט מיטגע־האָלפנ, אז דער קאָמיטעט פאַר דערפינדונגענ זאָל אַמשנעלסטנ פאַנאַנדערקלײַבנ דעמ איניענ שאַכאַ. אונ זוז שאַכא האָט באַקומענ דעמ פאַטענט, האָט דער רעדאַקטער אָפגעדרוקט בא זיכ אינ דער ענגלישער צײַטונג:

„דעמ ערשטנ גאַז־ברענער אינ „סאָוויעט ראַשיא" האָט דערפונדנ אנ אינדוס. פופצנ טויזנט דאָלער עקאָנאָמיע א יאָר. די דערפינדונג אַוועקגעשענקט דער מעלוכע. דער דער־פינדער שאַכא האָט באַקומענ אנ ערנ־גראַמאָטע"...

שאַכא איז ווידער געזעסנ באַמ רעדאַקטער אינ קאַבינעט. דער רעדאַקטער האָט איצט שוינ געשמייכלט אינ די שוואַרצע, געדיכטע וואָנצעס אונ פאַנאַנדערגעפרעגט, וואָס קלײַבט

זיכ טאָנ דער אויסלענדישער ספּעציאַליסט. שאכא האָט אנטפּלעקט זײַנ לאנגיאָריקנ טרוימ:

— איכ פאָר קײַנ אינדיע.

— אפ לאנג?

— מעגלעכ...

בא דעמ רעדאקטער זײַנענ די וואָנצעס ווירקלעכ געוואָרנ בייזע, שטעכיקע אונ אומצופרידענע...

„.“

אינ אינדיע האָט שאכא מיט זיכ געבראכט צופירנ: זייער פיל וויסנשאפט, א פּאטענט אפ א דערפינדונג, אנ אייראָפּייִשע פרוי (ער האָט ניט לאנג כאסענע געהאט) אונ אלערליי מאטאָנעס דעמ הויזגעזינד. איינס נאָר האָט ער ניט מיטגעבראכט: דעמ געפיל, אז ער באלאנגט צו דער זייער נידעריקער קאסטע שאכא. פארלאָרנ, אויסגעמעקט פונ זיקאָרנ.

ווי נאָר אָבער ער האָט אָנגעטראָטנ אפ דער ערד פונ זײַנ היימלאנד האָט ער אפ יעדנ שריט אונ טריט דערפילט, אז ער איז אנ אינדוס אונ דערצו נאָכ פונ דער קאסטע שאכא. באזונדערס האָט ער דאָס דערפילט, ווענ כאוויירימ אונ פרײַנט פונ דעמ שכיינישנ שטעטל, ווו ער האָט זיכ געלערנט אינ דער מיטלשול, האָבנ באשלאָסנ אײַנאָרדענענ אימ א באגעגעניש. דער „קאָפּ“ פונ דעמ שטעטל—אנ ענגלענדער—איז „גראָד“ דעמ טאָג אוועק אפ געיעג אונ אזוי ארומ אויסגעדרייט זיכ אי פונ אָפּזאָגנ, אי פונ דערלויבנ. מע האָט זיכ געווענדעט צו דער פּאָליציי־מאכט. די פּאָליציי האָט געפאָדערט גאראנטיע פונ עטלעכע אָנגעזעענע שטאָט־באלעבאטימ. אונ אז זי האָט באקומענ אזא גאראנטיע, האָט זי דערלויבט צונויפרופנ די באגעגעניש אפ צוויי שאָ פריִער ווי ס'איז געווענ געמאָלדנ. נאָר דער אוילעמ איז געקומענ נאָכ פריִער. דאנ האָט די פּאָליציי אויסגענוצט איר געוויינלעכ מיטל—דערלויבט ריידנ נאָר וועגנ קלייניקייטנ, אונ שאכא האָט איצט בוילעטער ווי ווענ ניט איז דערפילט די דרײַ געזעצנ, וואָס די ענגלענדער היטנ אָפּ אינ אינדיע שוינ העכער דרײַ הונדערט יאָר: ניט דערלאָזנ איבערוואנדערנ—ווו געבוירנ, דאָרט געשטאָרבנ, ניט אָנרירנ די רעליגיע, ניט ברעכנ דעמ שטייגער. אָ, דער שטייגער! דער אינזשעניער־פיזיקער אקביי קומאר שאכא האָט געגעסנ פונ א טעלער, וואָס באלאנגט דעמ בראמינ, אונ דערמיט פארומריייניקט דעמ טעלער. אונ דער געזעצ אינ שטייגער האָט אימ געצווונגענ אויסשײַערנ דעמ טעלער מיט בעהיימע־שמוצ (א בעהיימע איז הייליק!), דערנאָכ מיט ערד, צומ סאָפ אָפּטייוולענ אינעמ הייליקנ טײַכ אונ ערשט איצט האָט דער בראמינ ווידער באקומענ דאָס רעכט עסנ פונעמ טעלער.

אפ יעדנ שריט אונ טריט האָט שאכא דער וויסנשאפטלער אונ דערפינדער זיכ אָנגעשטויסנ אָנ די שטייגער־ראגאטקעס, אָנ די אָנצאָליקע קאסטעס־שטאפלענ. אימ האָט איצט זיכ אויסגעוויזנ, אז ניט מיט 6 יאָר צוריק האָט ער פארלאָזנ די היימ, נאָר צוריק מיט זעקס הונדערט יאָר, אונ אינ מעשעכ פונ אָט דער צײַט איז דאָס אָפּגעלעגנ פארשפּירטעוועט, ווי א זעלטענער געוויקס ליגט פארשפּירטעוועט אינ א מוזיי. אונ די גרויסע טרוימענ, וואָס האָבנ אימ שטענדיק געצויגנ פונ ראטנפארבאנד צוריק אינ אינדיע—האָט ער איצט פארשטאנענ—זײַנענ געווענ באָדנלאָזע טרוימענ, סענטימענטנ, כימערעס:

אונ שאכא איז אָפּגעפאָרנ צוריק אינ דעמ לאנד פונ רעאלנ לעבנ—אינ ראטנפארבאנד.

דער מענטש פונ דער נידעריקער קאסטע, שאכא, האָט ווידער זיכ דערפילט אלס גלײַכבארעכטיקטער אינזשעניער־פיזיקער מיט דעמ עקזאָטישנ נאָמענ אקביי קומאר שאכא. שאכא

איז ווידער אוועק אינעמ געביט פונ פראקטיש אויסנוצנ גאז־ווארעמקייטנ. מיט א באזונדער זשעדנעקייט אונ פלײַס האָט ער איצט געארבעט. ער האָט דאָס דערקלערט דער ווײַב:

— קימאט א יאָר בינ איכ געווענ אומעטיק, אָפגעשטאנענ. אונ אָפגעשטאנענע—שלאָגט מענ!

שאכא האָט ווידער גענומענ זוכנ אינדוסטריע־געביטנ, ווו מע קאָנ בעסער אונ פולקומער אויסנוצנ דעמ פראָצעס פונ אָנפלאמיקנ גאז־אָנגלי׳ אונ שאכא האָט דערפונדנ א צווייטע דערפינדונג.

דעמ באריכט וועגנ דער נײַער דערפינדונג האָט שאכא געלייענט אינ דער הויז אפ קראפאָטקינ־גאס—אינ צעקובו. כוץ ספעציאַליסטנ פאכלײַט, האָט שאכא פערזענלעכ אײַנגעלאדנ: די פרוי, וואָס האָט אימ די ערשטע באגעגנט דאָ, אינ צעקובו, מיט נײַנ יאָר צוריק, דעמ געוועזענעמ פאָרזיצער פונ אָרטקאָמ פונ די אינסטיטוט־מיטארבעטער, דעמ אקאדעמיקער לאזארעוו אונ דעמ רעדאקטער מיט די געדיכטע שווארצע וואָנצעס, ווי בא ניצשענ. שאכא האָט אוואדע א וואָכ נאָכאנאנד געזוכט דעמ מענטשנ אינעמ שינעל, וואָס האָט אימ אָפגעשיקט אומזיסט אפ זײַנ מאשינ אינ צעקובו, נאָר ער האָט אימ ניט געפונענ.

שאכא האָט געלייענט דעמ באריכט וועגנ זײַנ נײַער דערפינדונג. א מיטל וויאזוי קאָקסעווענ קוילנ מיט דער הילפ פונ אָנפלאמיקע גאז־ברענערס. צוערשט האָט שאכא גערעדט וועגנ די טעאָרעטישע פרינציפנ, אונ דערנאָכ ברייט זיכ אָפגעשטעלט אפ דעמ גרונט פונ דער דערפינדונג. די באטארייעס, די רעטאָרטעס וועלנ ניט ליגנ האָריזאָנטאל, ווי דאָס פראקטיקירט זיכ ביז איצט, נאָר וועלנ שטיינ ווערטיקאל. די קוילנ־אָנלאָדונג וועט פאָרקומענ פונ אויבנ, קעסיידער, אונ דער אָנגלי׳ וועט אויכ זײַנ א קעסיידערדיקער. א גאנצע רייַ דערגרייכונגענ אונ אויסבעסערונגענ האָט שאכא דעמאָנסטרירט אינ זײַנ נײַער דערפינדונג. די דעבאטנ זײַנענ געווענ היציקע, לעבהאפטע. אונ דער פאָרשטייער פונ דער שווערער אינדוסטריע, האָט אונטערגעפירט א סאכאקל:

— די דערפינדונג פונ דעמ אויסלענדישנ ספעציאַליסט שאכא וועט געבנ אונדזער קאָקס־אינדוסטריע א קאָלאָסאלע עקאָנאָמיע...

נאָכ די דעבאטנ אונ סאכאקלענ איז שאכא אופגעשטאנענ פונעמ אָרט אונ געמאָלדנ:

— די צווייטע דערפינדונג שענק איכ אוועק דער מעלוכע... דער סאָוועטנ־מעלוכע.

די פרוי פונ צעקובו, וואָס האָט מיט אכט יאָר צוריק די ערשטע אופגענומענ שאכא דאָ אפ קראפאָטקינ־גאס, האָט בייס דעמ איבערײַס א פרעג געטאָנ בא אימ:

— פלייש האָט איר זיכ שוינ אויסגעלערנט עסנ?

שאכא האָט ניט פארשטאנענ, וואָס הויל זי פונ אימ, נאָר באלד זיכ דערמאָנט אונ פארשעמט זיכ צעלאכט. דערנאָכ האָט ער ארויסגעשלעפט דאָס בלאָקנאָטל פונ קעשעניע אונ אָנגעהויבנ עפעס פארשרײַבנ. דעמ רעדאקטער פונ דער ענגלישער צײַטונג האָט דאָס פאַרינטערעסירט:

— וואָס פארשרײַבט איר דאָס? האָט ער א פרעג געטאָג אונ ארײַנגעקוקט מיט די געדיכטע שווארצע וואָנצעס אינ בלאָקנאָטל:—וואָס איז דאָס פאר אנ אכט?..

שאכא האָט אָפגעענטפערט:

— געבוירנ־בינ איכ מיט פיר אונ דרײַסיק יאָר צוריק, נאָר אלט בינ איכ אכט יאָר...—

ער האָט געוויזנ דעמ רעדאקטער עטלעכע שורעס: אפרעל 1926, נאָיאבער 1926, איצט אָקטיאבער 1934.—שאכאס פריילעכע אויגנ האָבנ זיכ צעפלאמט מיט פארשײַטע פלעמלעכ:—מיר איז אינגאנצנ ערשט אכט יאָר!..

ש. ראָסינ

# אונ איצטער א לויב צו דער זונ

אונ איצטער א לויב צו דער זונ,
צו דער ברוינער אונ וואַרעמער,
צו דער בלענדיקער זונ
פונ קאווקאז אונ פונ קרים;
א לויב צו די טעכטער,
א לויב צו די זינ,
וואָס זײַנען אהער פונ די שאכטנ געשיקט,
פונ זאוואָד אונ פאבריק.

א לויב צו דער זונ
פאר דער מי, וואָס באלוינט,
וואָס גיסט אָנ די ווײַנטרויבנ,
די לײַבער פארברוינט,
אונ פארציט מיט א ראָזנ
אונ בלוילעכנ רויכ
אנטאָנאָווער עפל
אונ בארנ דיולבער —
טיפ אינ די טאָלנ,
אפ שפיצנ פונ בערג;
וואָס שעפט אָנ די דופיקע
זאפטנ פונ דר׳ערד
אונ מיט זיסנ געטראנק
אבריקאָסנ דערנערט.

א לויב צו דער זונ
פונ מײַנ לאנד, פונ מײַנ היים,
וואָס טוט אָנ אינ גרינס
דעם בעריאָזעווונ בוים,
וואָס גלײַכט אויס די סאָסנעס

און קרעפּטיקט דעם דעמב
און די ווערבע—מײַן פרײַנט
ווערט אויך ניט פאַרשעמט...

א ליב צו דער זון,
וואָס פאַרטרינקט, און פאַרפּלייצט
מיט גאָלדענע כוואַליעס
פון קאָרן און ווייץ,
וואָס באדעקט און פאַרשווענקט
מיט א ראָזלעכן שוים
די גריקענע פעלדער
פון מײַן לײַנענער היים.
פאַר אלץ, וואָס עס שפּראָצט
און עס בליט און עס גרינט,
פאַרן ביטערן דופט
פונעם טערפּקן פּאָלין,
פאַרן דופטיקן האָניק
וואָס עס זאמלט דער בין.

א ליב צו דער זון —
די גלידער פאַר מונטערער מי,
וואָס גלײַכט אויס,
פאַר מי און פאַר בוויונג,
פאַר שלאָגלערשן ברויז.

א ליב צו דער זון,
צו דעם יאם,
צו די בערג,
א ליב צו די אלע,
וואָס זײַנען געקומענע אהער,
געקומענע זיך שטאָלן אין יאם
און זיך מילדן אין גרינס
און זיך ברוינען אין זון —
געקומענע געניסן דאָס אלץ וואָס זיי קומט,
וואָס עס קומט זיי פון לאנג
אין געשיכטלעכן גאנג.

## פאַרנאכט

די זון פאַרגייט,
א ווינטל קעמט די צווײַגן
ס'איז אָנגעגליט די לופט
מיט גלי פון טאמוז-זון.

עס רוט די ערד,
די הימלען שווייַגן.
עס גייט די רו,
זי שפרייט זיך אומעטום.

דער קאָפּ זיך נויגט,
עס שליסן זיך די אויגן, —
דאָס בלוט אין אָדערן
געדיכטער פליסט
אהין—צום ווייַטן ראנד,
וווהין עס האָט פּארטאָג געצויגן —
דערטראָגן ניט די שווערע פיס.

דער גראָז ווערט טונקעלער,
קרומע שאָטנס פון די ביימער
אף דער ערד זיך שפּרייטן אויס.
איך גיי און גיי,
אף לאנגע שאָטנס כ'גיי מיר,
ערגעץ ווייַט—איך הער —
א טייַך דאָרט רוישט...

וועל איך אָנקומען צום טייַך,
אין וואסער זיך א פּרווו טאָן,
די זון באַם טשופּרינע
א הויב טאָן אין דער לופטן —
זי זאָל נאָך ניט פארקייַקלען זיך,
צום אונטערגאנג ניט אייַלן —
כ'וועל א הויב טאָן פונעם וואסער-שטויב
פייַערדיקע זייַלן.

און הוידען אפן וואסער זיך,
זיך אויסציִען און ליגן
און זאָל די כוואליע צערטלען מיך
און זאָל די כוואליע וויגן.

און זאָל זיך דאכטן מיר, —
אז איך בין נאָך א קינד,
אז אף מייַן קאָפּ דעם בלויזן
נאָך שפּילט זיך מיט די קרויזן
באגינענדיקער ווינט...

21-טן יול 1935 יאָר. מינסק.

* * *

גאסנ און פלעצער
און אָפענע ראָגנ,
אפ כוואליעס פונ מענטשנ
אנטקעגנ זיכ טראָגנ.

טראָגט עס ארום מיכ
פונ פריִענ באגינענ, —
עפשער וועל איכ דיכ
דאָ ערגעצ געפינענ.

דער קאָפ איז אנטבלויזט
און דאָס הארצ איז צעעפנט —
איכ מוז דיכ, איכ דארפ דיכ
אינ ערגעצ דאָ טרעפנ.

אהינ און צוריק און
איכ בײַט אומ די ריכטונג —
פונ טויזנטער אויגנ
לויכט דײַנ געזיכט מיר.

טויזנטער אויגנ
און אלצ איז מיר ווייניק—
איכ מוז דאָ דערזענ
אינ גאסנ אליינ דיכ.

גאסנ און פלעצער
און אָפענע ראָגנ —
ווייס איכ אליינ ניט
וואָס זאָל איכ דיר זאָגנ.

מעגלעכ, ווענ דו זאָלסט
אנטקעגנ מיר קומענ,
וואָלט איכ קיינ ווערטער
פאר דיר ניט געפונענ.

כ'וועל ריידנ ניט קענענ,
כ'פארטרוי זיכ אליינ ניט. —
עס וואָלט זיכ דיר וועלנ,
איכ זאָל זיכ צעווײנענ.

פאר דיר זיך צעוויינען
וואָלט עפּשער ניט שאַטן, —
איך ווייס, אַז דו קענסט,
אַזוי לייַכט מיר פאַראַטן.

איך ווייס עס אָפּ קלאָר
און איך ווייס עס אָפּ זיכער,
לאָז איך זיך לויפן
אַלץ גיכער און גיכער.

ברענט מיר דער קאָפּ
און עס בריט אין די שלייפן —
איך קען דאָך אין ערגעץ
פון דיר ניט אַנטלויפן.

טראָג איך אַרום זיך,
אין גאַסן איך טײַנע:
טײַערע מײַנע,
ליכטיקע מײַנע.

מינסק, 24 יול. 1935 יאָר.

ד. רובינשטיין

# דער 7־טער קאָנגרעס פון קאָמינטערן

די בליקן פון מיליאָנען ארבעטנדיקע פון דער גאנצער וועלט זײַנען אין פארלויף פון 25 טעג געווען געווענדעט צו מאָסקווע, ווו עס האָט דורכגעפירט זײַנע זיצונגען דער גענעראַל־שטאב פון דער אַלוועלטלעכער פראָלעטארישער רעוואָליוציע, וועלכער האָט אָנגעוויזן די פאָלקס־מאסן דעם איינציק ריכטיקן וועג, אף וועלכן זיי דארפן גיין אין פעריאָד פון דעם נײַעם טור רעוואָליוציעס און מילכאָמעס. 25 טעג האָבן די בעסטע קעפּ פון דער מענטשהײַט, באוואָפנטע מיט די גרויסע אידייען פון מארקסיזם־לעניניזם, פאנאנדערגעארבעט, אפן גרונט פון באָלשעוויסטישער זעלבסטקריטיק, די פראָבלעמעס פון דער סטראַטעגיע און טאקטיק פון דער אַלוועלטלעכער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג, די פראָבלעמעס פון קאמפ קעגן פאשיזם, קעגן דער מילכאָמע־געפאר, די פראָבלעמעס פון דער פאָליטישער און אָרגאניזאציאָנעלער איינהײַט פונעם ארבעטער־קלאס. א ניט געוועזענע באהעפטקײַט, א ווירקלעכע איינהײַט פון דער אַלוועלטלעכער קאָמוניסטישער פארטיי, אומענדלעכע איבערגעגעבנקײַט דער גרויסער פאָן פון מארקס־ענגעלס־לענין־סטאלין האָט דעמאָנסטרירט דער 7־טער קאָנגרעס פון קאָמינטערן:

„אונדזער קאָנגרעס האָט פארלייגט די יעסוידעס פון אזא מאָביליזירונג פון די קרעפטן פון אַלע ארבעטנדיקע קעגן דעם קאפיטאליזם, וואָס איז נאָך קיינמאָל ניט געווען אין דער געשיכטע פון קאמפ פונעם ארבעטער־קלאס" (דימיטראָוו).

צעגראָמירנדיק אין זײַנע אייגענע רייען אַלע אָפּנויגלער, די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע טראָצקיסטן־זינאָוויעווצעס, די רעכטע, האָט דער קאָמוניסטישער אינטערנאציאָנאַל, ווי קיינמאָל ניט, פארגעשטעלט מיט זיך אפן 7־טן קאָנגרעס א מאָנאָליטע פארטיי פון פראָלעטאריאט, א פארטיי פון א נײַעם טיפּ, וואָס פאראייניקט די קאָמפּארטייען פון 65 לענדער. ווי קיינמאָל ניט, איז דער קאָמינטערן געקומען אף זײַן 7־טן קאָנגרעס מיט באהעפטע און אויסגעפּרוּווטע אין קאמפ פאר דער ריינקײַט פון דער מארקסיסטיש־לענינישער לערע, אין קאמפ פון די שווערע קלאסן־שלאכטן פון ארבעטער־קלאס, קאָמוניסטישע פארטייען, וואָס זײַנען פעיִק אָנצופירן מיט די מאסן אין קאמפ פאר דער מאכט.

די קאָמוניסטישע פארטייען האָבן דערצויגן קעמפער, אומענדלעכ איבערגעגעבענע דעם קאָמוניזם פייִקע צו אָפּפערן מיט זייער לעבן פאר דער זאכ פון דער אלוועלטלעכער רעוואָליוציע. און דער בעסטער פאָרשטייער אין דידאָזיקע פארהארטעוועטע שלאכטן קעגן קלאסן־סוינע איז דער אנטיפאשיסטישער פאָלקס־טריבון — דער רודערער פון קאָמינטערן, דער אויסגעפרוווטער מיטקעמפער פון כ׳ סטאלינ—דער כ׳ דימיטראָוו. די דעבאטן איבער אלע פאָרטראגן האָבן באוויזן די אידייִשע איינהײַט, די אידעאָלאָגישע פעסטקײַט, די אָרגאניזאציאָנעלע מאָנאָליטקײַט און באהעפטקײַט ארום דער אָנפירונג פון קאָמוניסטישן אינטערנאציאָנאל און זײַן פירער דעם כאווער סטאלינ.

פאר די אויגן פונעם ארבעטס־פאָלק אין דער גאנצער וועלט פאלט פאנאנדער דער 2־טער אינטערנאציאָנאל ווי א צעפוילט געוועב. די מאסן באהעפטן זיכ אלץ ענגער ארום דעם קאָמוניסטישן אינטערנאציאָנאל, וואָס איז אויסגעוואָקסן אין א מעכטיקער פאָליטישער קראפט אפ דער גאנצער וועלט.

וועגן דעם זאָגן איידעס א גאנצע רײ נײַע סעקציעס, וואָס דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען אין קאָמינטערן (אינדאָ־כינע, פיליפינען, פערו, קאָלומביע, פאָרטאָ־ריקאָ, קאָסטאָ־ריקאָ, ווענעצועלא, טאנו־טוּוואן). וועגן דערדאָזיקער וואקסנדיקער מעכטיקײַט זאָגט איידעס אויכ דער באדײַטנדיקער וווּקס פון די מיטגלידער פון דער אלוועלטלעכער קאָמוניסטישער פארטיי זינט דעם 6־טן קאָנגרעס. אויב צום 6־טן קאָנגרעס האָבן אלע קאָמפארטייען געציילט 1676 טויזנט מיטגלידער, ציילן זיי איצט 3148 טויזנט. דערדאָזיקער וווּקס גייט ניט נאָר אפן כעזשבן פון דער אלקפ(ב), נאָר אין א באדײַטנדיקער מאָס אפן כעזשבן פון די קאָמפארטייען אין די קאפיטאליסטישע לענדער. די צאָל מיטגלידער פון די קאָמפארטייען פון די קאפיטאליסטישע לענדער איז נאָכן 6־טן קאָנגרעס אויסגעוואָקסן פון 445,300 ביז 758,500.

## די סטאלינישע סטראטעגיע און טאקטיק איז אויסגעפרוווט געוואָרן אין לעבן

דער באריכט־פאָרטראג פון כ׳ פיק וועגן דער טעטיקײַט פון קאָמינטערן־אויספירקאָם און די דיסקוסיע איבערן פאָרטראג זײַנען געווען די סאמע מערקווירדיקע באשטעטיקונג פון דעם כ׳ סטאלינס געניִאלן פאָרויסזען אין אלע גרונטלעכע אנטשיידנדיקע פראגעס פון דער רעוואָליוציאָנערער סטראטעגיע און טאקטיק פון דער צווישנפעלקערלעכער ארבעטער־באוועגונג.

זינט דעם 6־טן קאָנגרעס פון קאָמינטערן, וואָס האָט זיכ געשלאָסן אין סענטיאבער 1928 י. איז פאָרגעקומען א קאָלאָסאלע צאָל געשעענישן, וואָס האָבן א צווישנפעלקערלעכע באדײַטונג. דידאָזיקע 7 יאָר זײַנען אָנגעזעטיקט מיט גרויסע צוזאמענשטויסן צווישן די מעלוכעס און אין זיי—צווישן די קלאסן. עס איז ניטאָ אזא ווינקעלע אפן ערד־קײַלעכ, ווו עס זאָלן זיכ ניט האָבן פארשארפט די קלאסן־צוזאמענשטויסן. נעמען מיר די לענדער פון אייראָפע, פון אזיע, אָדער די לענדער פון צאָפן־און דאָרעם־אמעריקע—אומעטום איז צו זען די אָנוואקסנדיקע רעוואָליוציאָנערע באוועגונג, וואָס איז געווענדעט קעגן דעם קאפיטאליזם, פארן זיג פון קאָמוניזם.

דער גרונט־אויספיר פונעם עטאפ, וואָס איז דורכגעגאנגען צווישן דעם 6־טן און 7־טן

קאָנגרעס פון קאָמינטערן, באשטייט אין דעם, וואָס דער קאפיטאליזם איז פאר דירהאָזיקע 7 יאָר געוואָרן באדייטנדיק שוואכער, עס זיינען פאָרגעקומען קארדינאלע ענדערונגען אין דער קויכעס-פארהעלטעניש צווישן דעם סאָציאַליזם און קאפיטאליזם לטובֿ־ת דעם סאָציאַליזם.

„די צווישנפעלקערלעכע קויכעס־פארהעלטעניש האָט זיך געענדערט ניט לטובֿ־ת דעם קאפיטאליזם, נאָר לטובֿת דעם סאָציאַליזם, ניט לטובֿת דער בורזשואזיע נאָר לטובֿת דעם פראָלעטאריאט. [1])

דער קאפיטאליזם איז פארן דורכגעגאנגענעם פעריאָד געוואָרן שוואכער אבסאָליוט און רעליאטיוו. ער איז געוואָרן רעליאטיוו שוואכער אין פארגלייך מיטן סאָוועטנפארבאנד, וואָס איז גיגאנטיש אויסגעוואָקסן פאר דערדאָזיקער צייט. זינט דעם 6־טן קאָנגרעס פון קאָמינטערן האָט פססר פולשטענדיק פארענדיקט דעם פעריאָד פון אופשטעלן די פאָלקווירטשאפט, עס איז זיגרייך דורגעפירט געוואָרן די שעפערישע ארבעט פון ערשטן פינפיאָר, וואָס האָט קארדינאל געענדערט דאָס פּאָנעם פונעם לאנד פון דער פראָלעטארישער, דיקטאטור. פון אן אָפּגעשטאנענעם אגראר־לאנד האָט זיך פססר פארוואנדלט אין א לאנד א פאָרגעשריטענעם, אן אינדוסטריעלן. אפן גרונט פון דער טעכנישער רעקאָנסטרוקציע, פון אויסבויען די שווערע אינדוסטריע, האָט פססר געלייזט די שווערסטע אופגאבע, וואָס איז געשטאנען פארן פראָלעטאריאט נאָכן פארכאפן די מאכט: פארוואנדלען די אינדיווידועלע פויערישע ווירטשאפט אין גרויסע קאָלעקטיווע ווירטשאפטן און ליקווידירן דעם לעצטן קאפיטאליסטישן קלאס—דאָס באלעגופנטום—אפן גרונט פון דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאציע. לויט דער וועלט־היסטאָרישער באדייטונג איז דאָס אויסבויען דעם פונדאמענט פון סאָציאַליזם אין פססר אונטער דער אָנפירונג פון דער אלקפ(ב) און פונעם געניאַלן פירער פון צווישנפעלקערלעכן פראָלעטאריאט דעם כ׳ סטאלין—דער צווייטער, נאָכן זיג פון אָקטיאבער 1917 יאָר, גרויסער זיג פון צווישנפעלקערלעכן פראָלעטאריאט איבערן קאפיטאליזם.

„דערדאָזיקער אלוועלטלעכער היסטאָרישער זיג פון סאָציאַליזם אין סאָוועטנפארבאנד רייסט ארונטער די אלוועלטלעכע אימפעריאַליסטישע סיסטעם, פארמערט די קראפט פון די רעוואָליוציעס, הויבט אוף די באדייטונג פון סאָוועטנפארבאנד אלס פאקטער פון שאָלעם, אלס יעסאָד פון דער אלוועלטלעכער רעוואָליוציע און פארפעסטיקט דעם ווילן פון די ארבעטנדיקע פון דער גאנצער וועלט צום קאמף פארן סאָציאַליזם, פאר דער סאָוועטנמאכט." [2])

דער קאפיטאליזם איז געוואָרן אבסאָליוט שוואכער דערפאר, ווייל דער אלוועלטלעכער עקאָנאָמישער קריזיס האָט פאר דער צייט, וואָס איז דורכגעגאנגען זינט דעם 6־טן קאָנגרעס, צעוואקלט די אינדוסטריע, די לאנדווירטשאפט און די געלט־קרעדיט-סיסטעם פון דער קאפיטאליסטישער ווירטשאפט. און גראָד אין יענע יאָרן, ווען די ארבעטנדיקע פון דער גאנצער וועלט זיינען געווען פארורטיילט צו הונגער, ארבעטלאָזיקייט, צו אומבאשרייבלעכע צאָרעס און ליידן, האָט דער סאָוועטנפארבאנד א שפאן געטאָן ריזיק פאָרויס, טאָג־

[1]) וו. פיק „באריכט וועגן דער טעטיקייט פונעם אויספירקאָם פון קאָמינטערן". (פארטיי-פארלאג ז. 46).

[2]) וו. פיק „באריכט-פּאָרטראג". ז. 46.

טעגלעכ העכערנדיק דעמ וווילשטאנד פונ די מאסנ, דורכפירנדיק די קולטור־רעוואָליוציע, פונ וועלכער עס ווייס ניט די געשיכטע פונ דער מענטשהײַט. אונ טראָצ דעמ רעכילעסדיקנ קאָנטער־רעוואָליוציאָנערנ נעוויִעס־זאָגנ פונ די טראָצקיסטנ אונ זינאָוויעוועצעס, האָבנ די ארבעטנדיקע מאסנ פונ סאָוועטנפארבאנד פארווירקלעכט אינ דער פראקטיק דעמ לענינישנ־סטאלינישנ טעזיס וועגנ דער מעגלעכקײַט צו אויסבויענ דעמ סאָציִאליזמ אינ אײנ לאנד.

סטאלינס געניִאלע שארפזיכטיקײַט, די ריכטיקײַט פונ זײַנע פראָגנאָזנ האָט באקומענ א גלענצנדיקע באשטעטיקונג ניט נאָר אפ דער דערפארונג פונ דער זיגרײַכער סאָציִאליסטישער בויונג אינ פססר, נאָר אויכ אינעמ גאנצנ אנטוויקלונג-גאנג פונ דער עקאָנאָמיק אונ פאָליטיק אינ דער וועלט פונ קאפיטאליזמ, סײַ אינ דער פראגע פונ אָפּשאצנ די קאפיטאליסטישע סטאביליזאציע, סײַ אינ דער פראגע וועגנ דער אנטוויקלונג פונ פאשיזמ—די דאָזיקע צוויי וויכטיקסטע פראגעס פאר דער צווישנפעלקערלעכער ארבעטער־באוועגונג.

דער 6־טער קאָנגרעס פונ קאָמינטערנ איז פאָרגעקומענ אינ מאָמענט פונעמ העכסטנ פונקט פונ דער רעליאטיווער סטאביליזאציע פונ קאפיטאליזמ. דער שטרײַט איז דאנ געגאנגענ וועגנ דעמ: צי גייט עס צו דער ווײַטערדיקער פארשארפונג פונ די ווידערשפרוכנ אונ צו דער צעטרייסלונג פונ דער קאפיטאליסטישער סטאביליזאציע, אָדער עס גייט צו דעמ, וועגנ וואָס עס האָבנ גערעדט די צווישנפעלקערלעכע סאָציִאל־דעמאָקראטיע אונ די רעכטע אָפּנייגלער אינעמ קאָמינטערנ, ד. ה. צו אנ אויסוועג פונעמ אלגעמיינעמ קריזיס פונ קאפיטאליזמ. נאָכ אינ 1927 יאָר האָט דער כ׳ סטאָלינ געשריבנ:

„פונ דער סטאביליזאציע גופע, פונ דעמ וואָס די פראָדוקציע וואקסט, פונ דעמ, וואָס דער האנדל וואקסט, פונ דעמ, וואָס דער טעכנישער פראָגרעס אונ די פראָדוציר־מעגלעכקײַטנ וואקסנ אויס, אינדערצײַט, ווענ דער וועלט־מארק, די איבערטיילונג פונ דעמדאָזיקנ מארק אונ פונ די ווירקונג־ספערנ, פונ באזונדערע אימפעריִאליסטישע גרופעס בלײַבנ מער אָדער ווייניקר סטאביל—טאקע פונ דעמ וואקסט אויס דער סאמע טיפער אונ סאמע שארפער קריזיס פונ וועלט־קאפיטאליזמ, וואָס איז רײַכ מיט נײַע מילכאָמעס אונ דראָט דער עקזיסטענצ פונ וואָסער ניט איז סטאביליזאציע”.

די ווײַטערדיקע געשעענישנ האָבנ דעמדאָזיקנ פראָגנאָז בארעכטיקט אפ 100 פראָצענט. אינ א יאָר ארומ נאָכנ 6־טנ קאָנגרעס (אינ אָקטיאבער 1929 י.) הויבט זיכ אָנ דער אלוועלטלעכער עקאָנאָמישער קריזיס, וואָס צעטרייסלט ביז הײַנטיקנ טאָג די גאנצע קאפיטאליסטישע וועלט. אינ 1931 י. ווארפט זיכ דער יאפּאָנישער אימפעריִאליזמ אפ כינע אונ טרעט צו צומ צעטיילנ כינע דורכ פארכאפּנ אונ אונטערדריקנ מאנדזשוריע. אינ 1933 י. קומט דער פאשיזמ צו דער מאכט אינ דײַטשלאנד, באָלגאריע, לעטלאנד, דערנאָכ דער זיג פונ פאשיזמ אינ עסטרײַכ. עס קומט פאָר א ריי קאָלאָניִאלע מילכאָמעס.

אפנ גרונט פונ דעמ וווּנדערבארנ מארקסיסטיש־לענינישנ אנאליז, וועלכנ עס האָט געגעבנ דער כ׳ סטאלינ, האָט דער 6־טער קאָנגרעס פונ קאָמינטערנ אָנגעוויזנ, אז דער קאפיטאליזמ פרווט זיכ אריבערלייגנ אלע שווערקײַטנ פונעמ וועלט־עקאָנאָמישנ קריזיס אפ די פאָלקס־מאסנ, דאָס וועט ברענגענ צו דער גרעסטער פארשארפונג פונ די ווידערשפרוכנ צווישנ דעמ פראָלעטאריאט אונ דער בורזשואזיע אונ צומ רײַפּ ווערנ פונעמ רעוואָליוציאָנערנ קריזיס אינ א ריי לענדער. דער סאָציִאל־דעמאָקראטישער פּאָליטיק פונ מיטארבעט

מיט דער בורזשואזיע האָבן די באָלשעוויקעס אנטקעגנגעשטעלט די טאקטיק פונ „קלאס קעגנ קלאס". די סאָציאַל־דעמאָקראטנ האָבנ געזאָגט, אז אינ פעריאָד פונ קריזיס איז ניט מעגלעכ צו פירנ קיינ שטרײַקנ, אונ די קאָמוניסטנ האָבנ, טראָצ דעמ סאבאָטאזש פונ די סאָציאַל־דעמאָקראטישע אונ רעפאָרמיסטישע פירער, אָרגאניזירט די מאסנ צומ קאמפ קעגנ דעמ אָנגריפ פונ דער בורזשואזיע.

„ווער איז געווענ גערעכט—פרעגט כ' פיק—מיר, אָדער די סאָציאַל־דעמאָקראטיע?—די סאָציאַל־דעמאָקראטיע, ווי אויכ די רעכטע אָפאָרטוניסנ האָבנ באנקראָטירט, זייער טעאָריע האָט געליטנ א נעבעכדיקנ קראכ". [1]

דער רעוואָליוציאָנערער אופשטײַג איז, ניט געקוקט אפ זײַנ ניט גלײַכמעסיקער אנטוויקלונג, געוואקסנ אונ וואקסט איצט. אנ אויסדרוק פונ דעמ איז די קאָלאָסאלע כוואליע עקאָנאָמישע שטרײַקנ אינ דער גאנצער וועלט, וואָס וואקסנ ערטערווײַז שנעל אריבער אינ פאָליטישע שלאכטנ פונ ארבעטער־קלאס, די באוואָפנטע ארויסטרעטונגענ פונ עסטרײַכישנ אונ שפאנישנ פראָלעטאריאט קעגנ דעמ פאשיזמ, די אָנוואקסנדיקע כוואליע פונ דער שלאכט־איינהײַט פונ די פאָלק־מאסנ אינ פראנקרײַכ אונ אינ אנדערע לענדער, די שלאכט־ארויסטרעטונגענ פונ די פויערימ־מאסנ, די פארברייטערונג פונ דער רעוואָלוציע, אינ כינע א. א. וו.

„לויט די זייער ניט פולע אָנגאבנ, האָבנ פאר דער צײַט זינט דעמ 6־טנ אל־וועלטלעכנ קאָנגרעס ביזנ 1933 י. געשטרײַקט אינ די קאפיטאליסטישע לענדער אינ אלגעמיינעמ סאכאקל 16.741.700 ארבעטער, עס זײַנעז פארלאָרנ געגאנגענ 262 מיליאָנ ארבעט־טעג. מיטנ אריבערגיינ צו דער דעפרעסיע אונ מיט דער פארשטארקונג פונ דער אזויגערופענער „קריזיס־ראציאָנאליזאציע" אפ די אונטערנעמונגענ, האָט די שטרײַק־כוואליע ווידער אָנגענומענ א מעכטיקנ פארמעסט." [2]

עס איז ניטאָ אזא ווינקעלע אפנ ערד־קײַלעכ, ווו דער ארבעטער־קלאס זאָל ניט ענטפערנ מיט א מאסנ־קאמפ אפ אָנגריפ פונ דער בורזשואזיע, אָפּווארפנדיק אינ דער פראקטיק די אָפּאָרטוניסטישע טעאָריע וועגנ דער אומעגלעכקײַט צו שטרײַקנ אינדערצײַט פונ קריזיס. ס'איז נויטיק דערבײַ אָפּמערקנ די אָנוואקסנדיקע אײַנגעשפארטקײַט, דעמ שלאכט־כאראקטער פונ דעמ שטרײַק־קאמפ, בײַמ וועלכנ עס זײַנענ אלצ אָפטער פאָרגעקומענ צוזאמענשטויסנ מיט דער פאָליציי אונ מיטנ מיליטער.

עס האָבנ געפלאצט די קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע טראָצקיסטישע פראָגנאָזנ וועגנ דער אָפּשוואכונג פונ דער רעוואָליוציע אינ כינע. די סאָוועטנ־באוועגונג אינ כינע, וואָס האָט זיכ אינדערצײַט פונ 6־טנ קאָנגרעס געפונענ נאָכ אינ עמבריאָנעלנ צושטאנד, הויבט אָנ שנעל וואקסנ אינ 1930 י. אונ האָט זיכ דערשלאָגנ פארנ דורכגעגאנגענעמ פעריאָד קאָלאָסאלע דערפאָלגנ. די טעריטאָריע פונ די סאָוועטישע ראיאָנענ אינ כינע פארנעמט איצט העכער 2 מיליאָנ קוו. לי, מיט א באפעלקערונג פונ 60 מיליאָנ מענטשנ. אָפּשלאָגנדיק טשאנקײַ־שיס פילצאָליקע אָנגריפ־מארשנ, וואָס ווערנ אונטערגעהאלטנ דורכ די גרעסטע קאפיטאליסטישע מעלוכעס, האָט די כינעזישע רויטע ארמיי דעמאָנסטרירט פאר דער גאנצער וועלט איר ניט געוואקלטע קראפט, איר זיכערקײַט אינ די ווײַטערדיקע זיגנ.

---

[1] וו. פיק „באריכט־פאָרטראג". פארטיי־פארלאג ז. 7.

[2] „קאָמוניסטישער אינטערנאציאָנאל פארנ 7־טנ אלוועלטלעכנ קאָנגרעס" (פארט־פארלאג, 1935 י. ז. 12).

דאָס קומענ פונ דער סאמע אכזאָריעסדיקער פאשיסטישער דיקטאטור צו דער מאכט אינ דײַטשלאנד „דארפ מענ באטראכטנ ניט נאָר ווי א סימענ פונ שוואכקײַט פונ דעמ ארבעטער־קלאס אונ א רעזולטאט פונעמ פאראטנ דעמ ארבעטער־קלאס דורכ דער סאָציאַל־דעמאָקראטיע, וואָס האָט אָפגערייניקט א וועג פארנ פאשיזמ. מע דארפ עס באטראכטנ אויכ, ווי א סימענ פונ דער שוואכקײַט פונ דער בורזשואזיע, ווי א סימענ פונ דעמ, אז די בורזשואזיע איז שוינ ניט בעקויעכ צו הערשנ מיט די אלטע מעטאָדנ פונ פארלאמענטאריזמ אונ בורזשואזער דעמאָקראטיע אונ איז צוליב דעמ געצוווּנגענ אָנצוקומענ אינ דער אינערלעכער פאָליטיק צו טעראָריסטישע אָנפירונג־מעטאָדנ, ווי א סימענ פונ דעמ, אז זי איז שוינ מער ניט בעקויעכ צו געפינענ אנ אויסוועג פונ דער איצטיקער לאגע אפ דער באזע פונ דער פרידלעכער אויסערלעכער פאָליטיק אונ איז צוליב דעמ געצוווּנגענ אָנקומענ צו דער פאָליטיק פונ מילכאָמע“[1].

אלס קעגנזאצ צו די סאָציאַל־דעמאָקראטישע טעאָריעס וועגנ דעמ, אז דער פאשיזמ איז קלוימערשט אנ איבערקלאסעווע מאכט, אז דאָס איז אזא פאָרמ פונ מעלוכע־מאכט, וואָס „שטייט איבער ביידע קלאסנ—דעמ פראָלעטאריאט אונ דער בורזשואזיע“ (אָטאָ באוער),—האָט סטאלינ שטענדיק אָנגעוויזנ, אז דער פאשיזמ איז די דיקטאטור פונ פינאנצ־קאפיטאל, וואָס איז געצוווּנגענ אָנצופירנ מיט אָפנ־טעראָריסטישע מעטאָדנ.

פארגלײַכנדיק די סטראטעגיע אונ טאקטיק פונ קאָמינטערנ מיט דער טאקטיק פונ דער סאָציאַל־דעמאָקראטיע פארנ פעריאָד, וואָס איז דורכגעגאנגענ נאָכנ 6־טנ קאָנגרעס, האָט דער 7־טער קאָנגרעס קאָנסטאטירט, אז די גאנצע טעאָריע, די גאנצע פאָליטיק, די גאנצע סטראטעגיע אונ טאקטיק פונ רעפאָרמיזמ האָט פאר דידאָזיקע יאָרנ געליטנ די גרעסטע מאפּאָלע אונ אז עס האָט געזיגט סטאלינס רעוואָליוציאָנערע סטראטעגיע אונ טאקטיק.

## מיט די מאסנ אונ אינדערשפיצ פונ די מאסנ

דער קער, וואָס האָט זיכ אָנגעהויבנ אינ די ארבעטער־מאסנ, אינ די מאסנ סאָציאַל־דעמאָקראטישע ארבעטער פונעמ רעפאָרמיזמ צו קאמפ־איינהײַט מיט די קאָמוניסטנ, האָט באקומענ זײַנ גלענצנדיקנ אויסדרוק בײַסנ לייפּציגער פראָצעס. דער ערשטער וויכטיקסטער פאקטער, וואָס האָט געהאט א קאָלאָסאלע ווירקונג אונ האָט ארויסגערופנ א קער אינ די שטימונגענ פונ דער צווישנפעלקערלעכער ארבעטער־באוועגונג לעטויוועס דעמ איינהײַט־פראָנט איז געווענ דער לייפּציגער פראָצעס אונ די העלדישע אופירונג פונ כ׳ דימיטראָוו אפנ דאָזיקנ פראָצעס. די גאנצע וועלט געדענקט נאָכ דעמדאָזיקנ גרויסנ פראָצעס, וואָס האָט זיכ פארוואנדלט אינ אנ ארענע פונ קאמפ צווישנ פאשיזמ אונ קאָמוניזמ. דער לייפּציגער פראָצעס האָט באוויזנ די מאסנ די ניט געוואקלטע אונ אומבאזיגבארע קראפט פונ דער באהעפטקײַט אונ איינקײַט פונעמ ארבעטער־קלאס. אפ דעמ בײַשפּיל פונ לייפּציגער פראָצעס האָבנ די מאסנ געקאָנט זיכ איבערצײַגנ, אז אדאנק זייער איינקײַט אונ באהעפטקײַט, אדאנק זייער איינמוטיקער ארויסטרעטונג, איז דער פאשיזמ געווענ געצוווּנגענ צו באפרײַענ דעמ אנטיפאשיסטישנ פאָלקס־טריבונ דעמ כ׳ דימיטראָוו.

א צווייטער וויכטיקסטער פאקטער, וואָס האָט ארויסגערופנ א קער פונ די מאסנ צומ איינהײַטלעכנ פראָנט, איז געווענ דער קראכ פונ דער עסטרײַכישער סאָציאַל־דעמאָקראטיע

[1] סטאלינ „פראגנ פונ לעניניזמ“ 10 אויסגאבע, ז. 545.

אינ די פעווראַל־טעג פונ 1934 י. אונ די פעווראַל־געשעענישנ אינ פראַנקרײַכ. דעמ פראַנצויזישנ ארבעטער־קלאַס האָט זיכ אײַנגעגעבנ אָפּשלאָגנ דעמ ערשטנ ערנסטנ אָנפאַל פונ די פאַשיסטנ דורכנ מעכטיקנ אָנגריפ פונ איינהײַט־פראָנט, וואָס איז ניט געזענ געוואָרנ אינ דער געשיכטע פונ דער פראַנצויזישער ארבעטער-באַוועגונג, דורכנ 4־מיליאָניקנ פראָטעסט־שטרײַק דעמ 12־טנ פעווראַל 1934 י. אונ דורכ די מערקווירדיקע פאָלק־דעמאָנסטראַציעס דעמ 14־טנ יול.

די באַוואָפנטע שלאַכטנ פונ שפּאַנישנ פראָלעטאַריאַט אינ אָקטיאַבער 1934 י. האָבנ באַצייכנט א נײַעמ עטאַפּ פונ קאַמפּ אפ צו אײַנשטעלנ אַנ איינהײַט־פראָנט אינ דער מערהײַט קאַפּיטאַליסטישע לענדער, טראָץ דעמ פאַרבאָט פונ די פירער פונ 2־טנ אינטערנאַציאָנאַל אונ פונ זייערע באַזונדערע סעקציעס.

פאַשיזמ אָדער סאָציאַליזמ, מילכאָמע אָדער שאָלעמ—אָט וואָס עס שטייט אפנ טאָגאָרדענונג אינ דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער וועלט. אינ א גאַנצע ריי לענדער האָט דער פאַשיזמ געזיגט, אינ אַנדערע לענדער וואַקסט די פאַשיסטישע געפאַר מיט שנעלע טעמפּנ.

אפ וואָס פאַר אַנ אופנ קאָנענ די מאַסנ פאַרצאַמענ דעמ וועג צומ כאַישנ פאַשיזמ?

כ׳ דימיטראָוו, אונ אינ זײַנ פערזאָנ דער גאַנצער 7־טער קאָנגרעס, האָט אפ דער פראַגע, אפ וואָס פאַר אַנ אופנ קאָנ דער פראָלעטאַריאַט פאַרצאַמענ דעמ וועג דעמ אָנגרײַפנדיקנ פאַשיזמ, געגעבנ אַנ איינמוטיקנ ענטפער—מאַכנ א סאָפ צו דער שפּאַלטונג אינעמ ארבעטער־קלאַס, שאַפנ א מעכטיקע פאָליטישע אונ אָרגאַניזאַציאָנעלע שלאַכט־איינהײַט, פאַרווירקלעכנ דעמ אַנטיפאַשיסטישנ פאָלקס־פראָנט, מאָביליזירנדיק אינ קאַמפּ קעגנ פאַשיזמ די ברייטסטע מאַסנ. אָט פאַרוואָס די פּראָבלעמ פונ איינהײַטלעכנ אַנטיפאַשיסטישנ פאָלקס־פראָנט איז געשטאַנענ אינ צענטער פונ דער אופמערקזאַמקײַט פונ קאָנגרעס אונ איז געווענ די צענטראַלע פּראָבלעמ פונ דעמ 7־טנ קאָנגרעס פונ דער אַלוועלטלעכער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. דורכפירנדיק א גרינדלעכנ אַנאַליז פונ די פּאָרהאַנאָכעס אפ פאַרווירקלעכנ דעמ איינהײַט־פראָנט, האָט כ׳ דימיטראָוו אָנגעוויזנ, אַז דער ווידערשטאַנד פונ די פירער פונ 2־טנ אינטערנאַציאָנאַל איז געווענ אונ איז איצט דער הויפּט־טאָרמאָז פונ דעמ, וואָס מיר האָבנ ניט דעמ איינהײַט־פראָנט אינ אַסאַכ קאַפּיטאַליסטישע לענדער. אויסשטרעקנדיק די האַנט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע ארבעטער אונ זייערע אָרגאַניזאַציעס אונ אויכ דעמ 2־טנ אינטערנאַציאָנאַל, דערקלערנ די קאָמוניסטנ:

„דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל שטעלט ניט קיינע באַדינגונגענ דער איינהײַט־טעטיקײַט, אויסער איינ עלעמענטאַרנ, פאַר אַלע ארבעטער אָנעמבאַרנ באַדינג. נעמלעכ: אַז די איינהײַט־טעטיקײַט זאָל זײַנ געווענדעט קעגנ דעמ פאַשיזמ, קעגנ דעמ אָנגריפ פונ קאַפּיטאַל, קעגנ דער מילכאָמע־געפאַר, קעגנ דעמ קלאַסנ-סוינע. אָט דאָס זײַנענ אונדזערע באַדינגונגענ“ [1]

פאַנאַנדערוויקלענדיק די פּראָגראַמ פונ קאַמפּ פאַרנ איינהײַט־פראָנט, האָט דער 7־טער קאָנגרעס אָנגעוויזנ אפ דעמ, אַז די פאַרווירקלעכונג פונ דערדאָזיקער פּראָגראַמ וועט גייענ אינ פאַרשיידענע לענדער פאַרשיידנ, אָנעמענדיק די סאַמע פאַרשיידנאַרטיקע פאָרמענ, אָפּהענגיק פונ דער פאַנאַנדערשטעלונג פונ די קלאַסנ־קרעפטנ, פונ דעמ ניוואָ פונ דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג. וואָס איז אָבער אפנ געגעבענעמ עטאַפּ דער גרונט־אינהאַלט

[1] ג. דימיטראָוו „פאָרטראַג אפנ 7־טנ קאָנגרעס“. פּאַרטיי־פאַרלאַג, ז. 31—32 (קורסיוו פונ פאָרטראַגער).

פונ דעמ אײנהײַט־פראָנט אינ אַלע קאַפיטאַליסטישע לענדער? אפ דערדאָזיקער פראגע ענטפערט כ׳ דימיטראָװ:

„פארטײדיקנ די אומיטלבארע עקאָנאָמישע אונ פּאָליטישע אינטערעסנ פונ ארבעטער-קלאס, פארטײדיקנ אימ קעגנ דעמ פאשיזמ דארפ זײַנ דער אױסגאנג־פונקט אונ פאָרשטעלנ דעמ הױפט־אינהאלט פונ דעמ אײנהײַט־פראָנט אינ אַלע קאַפיטאַליסטישע לענדער" [1].

צוגלײַכ מיטנ מאָביליזירנ די מאסנ קעגנ דעמ אָנגריפ פונ קאַפיטאַל, מילכאָמע אונ פאשיזמ, מאָביליזירט דער אײנהײַטלעכער אנטיפאשיסטישער פאָלקס־פראָנט די מאסנ צומ קאמפ פאר אַלע דעמאָקראטישע רעכט, װאָס זײ האָבנ אױסגעקעמפט, פארטײדיקנדיק יעדע מינדסטע דעמאָקראטישע דעראָבערונג, פאר װעלכע די מאסנ האָבנ פארגאָסנ זײער בלוט. אונ גערעכט איז געװענ דער כ׳ לענסקי, װענ ער האָט געזאָגט, „אז אינ פױלנ װי אױכ אינ פראנקרײַכ װאקסט ארױס דער פאָלקס־פראָנט פונעמ פארטײדיקנ די דעמאָקראטישע רעכט" [2].

לענינ האָט ניט אײנמאָל אָנגעװיזנ, אז אָפטמאָל זײַנענ ניט קײנ גרױסע באװעגונגענ צו פארטײדיקנ די דעמאָקראטישע רעכט פונ פאָלק שנעל אריבערגעװאקסנ אינ קאָלאָסאַלע פּאָליטישע שלאכטנ פונ די ארבעטנדיקע אונ דעריבער האָט ער מיט דער גאנצער אנטשײדנקײַט דערקלערט:

„ס׳װאָלט געװענ א גרונטלעכער פעלער צו מײנענ, אז דער קאמפ פאר דער דעמאָקראטיע קאָנ אָפּציִענ דעמ פראָלעטאריאט פונ דער סאָציִאַליסטישער רעװאָליר־ציע, אָדער פארשטעלנ, פארטונקלענ זי א. א. װ. פארקערט, פונקט אזױ, װי עס איז ניט מעגלעכ דער זיגרײַכער סאָציִאַליזמ, װאָס פארװירקלעכט ניט די פולשטענדיקע דעמאָקראטיע, אזױ קאָנ זיכ ניט צוגרײטנ צומ זיג איבער דער בורזשואזיע דער פראָלעטאריאט, װאָס פירט ניט קײנ אַלזײַטיקנ קאָנסעקװענטנ אונ רעװאָליוציִאָנערנ קאמפ פאר דער דעמאָקראטיע" [3].

די קאָמוניסטנ האָבנ קײנמאָל ניט מוירע געהאט פאר פאראנטװאָרטלעכקײַט, װיבאלד עס האָט זיכ געהאנדלט װעגנ די אינטערעסנ פונ ארבעטער־קלאס אונ פונ די ברײטע פאָלקס־מאסנ. דער 7־טער קאָנגרעס האָט עס דעמאָנסטרירט, דערקלערנדיק פאר דער גאנצער װעלט, פאר אַלע ארבעטנדיקע, אז אױב די אינטערעסנ פונ ארבעטער־קלאס א קאמפ קעגנ זײַנ ערגסטנ סוינע,—דעמ פאשיזמ—װעלנ פאָדערנ אױסבילדנ אנ אנטיפאשיסטישע פאָלקס־רעגירונג, זײַנענ די קאָמוניסטנ גרײט אונטערהאלטנ אונ אפילע אָנטײלנעמענ אינ אזא רעגירונג.

װאָס איז עס פארא רעגירונג אונ בא װעלכער סיטואציע קאָנ אנטשטײנ אזא רעגירונג? אפ דערדאָזיקער פראגע ענטפערט כ׳ דימיטראָװ אפ אזא אופנ:

„דאָס איז פריִער פונ אַלצ א רעגירונג פונ קאמפ קעגנ פאשיזמ אונ רעאקציע. דאָס דארפ זײַנ א רעגירונג, װאָס איז אנטשטאנענ אינ רעזולטאט פונ דער באװע־

[1] ג. דימיטראָװ—„פּאָרטראג" ז. 35 (קורסיװ פונ פּאָרטרעגער).
[2] „פראװדא" 7 אװגוסט 1935 י.
[3] לענינ, באנד 19, אױסגאבע 3, ז. 38.

גונג פון איינהײַט־פראָנט און וואָס באגרענעצט ניט, אין קיין אויפן, די טעטיקײַט פון דער קאָמוניסטישער פארטיי און פון די מאסן־אָרגאניזאציעס פונעם ארבעטער־קלאס.

בא וועלכע אָביעקטיווע באדינגונגען וועט זײַן מעגלעך צו אויסבילדן אזא רעגירונג? אפ דערדאָזיקער פראגע קאָן מען אין אן אלגעמיינער פאָרם ענטפערן: אין די באדינגונגען פון פּאָליטישן קריזיס, ווען די הערשנדיקע קלאסן זײַנען שוין ניט בעקויעך צו ספראווען זיך מיטן מעכטיקן אופשטײַג פון דער מאסעווער אנטיפאשיסטישער באוועגונג" [1].

די איניציאַטערס און אָרגאניזאטערס פון דעם איינהײַטלעכן אנטיפאשיסטישן פאָלקס־פראָנט זײַנען געווען און זײַנען איצט נאָר די קאָמוניסטן, וואָס נוצן אויס יעטווידע געשעעניש אפ צו פארברייטערן דעם קאמפ פון ארבעטער־קלאס, צו שאפן די שלאכט־איינקײַט פון אלע ארבעטנדיקע. אויסשמידנדיק די איינהײַט־טעטיקײַט מיט די סאָציאַל־דעמאָקראטישע ארבעטער און פארטייען אין די טאָגטעגלעכע שלאכטן פונעם ארבעטער־קלאס, האָבן די קאָמוניסטן שטענדיק אונטערגעשטראָכן די נייטיקײַט פון א פּאָליטישער איינהײַט פונעם ארבעטער־קלאס, די נייטיקײַט צו שאפן אן איינהײַטלעכע רעוואָליוציאָנערע פארטיי אפן גרונט פון דער רעוואָליוציאָנערער פראָגראם און טאקטיק, אפן גרונט פון דער לערע פון מארקס—ענגעלס—לענין—סטאלין.

## אונטערן צייכן פון באָלשעוויסטישער זעלבסטקריטיק

דער 7־טער קאָנגרעס איז פאָרגעקומען אונטערן צייכן פוןווירקלעכער באָלשעוויסטישער קריטיק און זעלבסטקריטיק און אין דעם איז דער סימען פון זײַן וואקסנדיקער מעכטיקײַט, אין דעם איז זײַן מעכטיקע קראפט און די פארבינדונג מיט די ברייטע פאָלקס־מאסן.

„... די באציִונג פון דער פּאָליטישער פארטיי צו אירע פעלערן איז איינער פון די וויכטיקסטע און דער ריכטיקסטער קריטערי פון דער ערנסטקײַט פון דער פארטיי באם אויספילן אין דער ווירקלעכקײַט אירע פליכטן פאר איר קלאס און פאר די ארבעטנדיקע מאסן. אָפן אנערקענען א פעלער, אופדעקן זײַנע סיבעס, אנאליזירן די אומגעבונג, וואָס האָט אים געבוירן, אופמערקזאם באהאנדלען די מיטלען און אויסגלײַכן דעם פעלער—דאָס איז א סימען פון אן ערנסטער פארטיי, דאָס הייסט, אז זי פילט אויס אירע פליכטן, דאָס הייסט—דערציִען און לערנען דעם קלאס און דערנאָך, אויך די מאסן" [2].

געדענקענדיק לענינס ווערטער, האָט דער 7־טער קאָנגרעס מיט דער גאנצער באָלשעוויסטישער אָנראכמאָנעסדיקײַט אופגעדעקט יענע פעלערן, וואָס שטערן דעם קאָמוניסטישן אינטערנאציאָנאל און זײַנע סעקציעס צו פארבינדן זיך מיט די ברייטע ארבעטנדיקע מאסן און שנעל באוועגן זיך פאָרויס. וואָס איז געווען און איז געבליבן די גרעסטע שטערונג אינעם אויסקעמפן די מאסן אפ דער זײַט פון קאָמוניסטישן אינטערנאציאָנאל? אפ דערדאָזיקער פראגע האָט דער 7־טער קאָנגרעס געענטפערט, אז די גרעסטע שטערונגען

1) ג. דימיטראָוו. פּאָרטראג, ז. 75.

2) לענין. ב. 25, III אויסגאבע, ז. 201.

זײַנענ געווענ און פארבלײַבנ די רעשטלעכ פונ סעקטאנטישקײַט. ניט צופעליק האָבנ די כ׳כ׳ דימיטראָוו און פיק קאָנצענטרירט אינ זײערע פאָרטראגנ אנ אָנראכמאָנעסדיקנ באָלשעוויסטישנ פײַער קעגנ די לינקיסטישע, סעקטאנטישע, אָפּאָרטוניסטישע פארקריפלונגענ פונ דער ליניע פונ קאָמינטערנ, אינ קאמפ פארנ אײנהײַטלעכנ פראָנט, ווײַל בײַקומענ די סעקטאנטישקײַט באטײַט בא דער איצטיקער סיטואציע—שאפנ די וויכטיקסטע פאָרהאנאָכע פאר דער דערפאָלגרײַכער פארווירקלעכונג פונ דעמ אײנהײַטלעכנ אנטיפאשיסטישנ פראָלעטארישנ און פאָלקס־פראָנט. „דערשלאָגנ די סעקטאנטישקײַט—באטײַט צוגרײטנ אלע פארטײענ צומ קאמפ פאר די ברײטסטע מאסנ אינעמ מאָמענט, ווענ די צווישנפעלקערלעכע ארבעטער־באוועגונג גײט ארײַנ אינ א פעריאָד פונ ליקווידירנ די שפאלטונג" 1).

די לינק־סעקטאנטישע פעלערנ האָבנ זיכ געלאָזט פילנ פריער פונ אלצ אינ דער פראָפארײנישער פראגע און באמ פאנאנדערוויקלענ דעמ עקאָנאָמישנ קאמפ.

די לינק־סעקטאנטישע טעאָריעס וועגנ דעמ, אז די רעפאָרמיסטישע פארײנענ זײַנענ „א שול פונ קאפיטאליזמ", די טעאָריעס וועגנ דער נײטיקײַט צו צעשטערנ די רעפאָרמיסטישע פראָפארײנענ א. אנד. האָבנ געבראכט צו דעמ, אז די קאָמוניסטנ האָבנ ניט געארבעט אינ די מאסעווע רעפאָרמיסטישע פראָפארײנישע אָרגאניזאציעס און דערמיט פארשטארקט די פאָזיציעס פונ די רעפאָרמיסטישע פירער אינ די פראָפארײנענ. צוליב דערדאָזיקער סעקטאנטישער פאָליטיק איז פארלײַכטערט געוואָרנ פאר די רעפאָרמיסטישע פירער די מעגלעכקײַט צו שאפנ א כינעזישע וואנט צווישנ די קאָמוניסטישע און רעפאָרמיסטישע ארבעטער. באזונדערס אינ פעריאָד פונ קריזיס, ווענ די ארבעטער־מאסנ האָט טאָגטעגלעכ געטראָפנ גרויסע אומגליקנ, ווענ דער ארבעטער־קלאס האָט זיכ שטענדיק געפונענ אונטער דער געפאר פונ א נײַעמ אָנגריפ פונ קאפיטאל, האָט יעדער דורכשניטלעכער ארבעטער, ניט געקוקט אפ דעמ, וואָס די רעפאָרמיסטישע פירער האָבנ ניט ארויסגעוויזנ קײנ ווידערשטאנד, דאָכ געקלערט, אז דידאָזיקע פראָפארײנענ שטעלנ מיט זיכ פאָר א באשטימטע קראפט.

אפ דער פראגע וואָס איז די הויפט־געפאר, האָט כ׳ דימיטראָוו געגעבנ א סטאלינישע שטעלונג פונ דער פראגע:

„וואָסערע פונ די דאָזיקע געפארנ „ביכלאל" איז די הויפט־געפאר, וועגנ דעמ קאָנענ שטרײַטנ בלויז סכאָלאסטיקער. גרעסער און ערגער איז יענע געפאר, וואָס שטערט מערער אינ געגעבענעמ מאָמענט, אינ געגעבענעמ לאנד צו דורכפירנ די ליניע פונ אונדזער קאָנגרעס, צו פאנאנדערוויקלענ א ריכטיקע מאסנ־פאָליטיק פונ די קאָמוניסטישע פארטײענ..."

אינ די אינטערעסנ פונ דער זאכ פונ קאָמוניזמ פאָדערט זיכ ניט קײנ אבסטראקטער, נאָר א קאָנקרעטער קאמפ קעגנ די אָפנויגנ, א באצײַטנדיקער און אנטשײדענער ווידערשטאנד קעגנ די אנטשטײענדיקע שעדלעכע טענדענצנ, עס פאָדערט זיכ באצײַטנס אויסבעסערנ די פעלערנ. פארבײַטנ דעמ נײטיקנ קאָנקרעטנ קאמפ קעגנ די אָפנויגנ אפ אנ אײגנארטיקנ ס פ אָ ר ט, יאָגנ זיכ נאָכ קלוימערשטדיקע אָפנײגנ אָדער אָפנײגלער—דאָס איז א ניט דערלאָזבאר־שעדלעכע פארבײגונג" 2).

קאָנצענטרירנדיק דעמ פײַער פונ דער קריטיק און זעלבסטקריטיק קעגנ די סעקטאנטישע טענדענצנ, האָט כ׳ דימיטראָוו מיט דער גאנצער קראפט געשלאָגנ איבערנ סכעמא־

1) „פראוודא" 2 אווגוסט 1935 י.

2) דימיטראָוו „שלוס־רעדע"—„פראוודא" 22 אווגוסט 1935 י.

טיזמ אונ די פּאַרטיקע שאַבלאָנענ, אָנװײַזנדיק, אַז דאָס לעבנ אונ דער קאַמפּ פונ די ארבעטנדיקע לײגנ זיכ ניט אױס אינ פּאַרטיקע שאַבלאָנענ, אינ אָנגעטראַכטע פאָרמולעס אונ רעצעפּטנ, װײַל דאָס לעבנ װאַרפט אָפּ אָנ א זײַט די העלדנ פונ די פּוסטע פראַזנ, די אױסגעשפּראָכענע סכאָלאַסטנ אונ דאָקטרינערנ. טאַקע איצט, װענ דער 7־טער קאָנגרעס האָט אָנגעמערקט קאָלאָסאַלע אױפגאַבעס, װענ ער בױט איבער זײַנ טאַקטיק, איז פאַר יעדנ קאָמוניסט אױפגעשטעלט געװאָרנ די אױפגאַבע:

„לערנענ אונ קעמפנ, קעמפנ אונ לערנענ, קענענ פאַרײניקנ די גרױסע לערע פונ מאַרקסנ—ענגעלסנ—לענינענ—סטאַלינענ מיט דער סטאַלינישער פעסטקײַט אינ דער אַרבעט אונ קאַמפּ, מיט דער סטאַלינישער פּרינציפּיעלער אָנראַכמאָנעסדיקײַט צומ קלאַסנ־סױנע אונ צו די, װאָס טרעטנ אָפּ פונ דער ליניע פונ באָלשעװיזמ, מיט דער סטאַלינישער אומדערשרעקבאַרקײַט פאַר די שװעריקײַטנ, מיטנ סטאַלינישנ רעװאָליוציאָנערנ רעאַליזמ" [1].

## דער קאַמפּ פאַרנ שאָלעמ אונ דאָס פאַרטײדיקנ דעמ סאָװעטנפאַרבאַנד

דער 7־טער קאָנגרעס איז פאָרגעקומענ בא דער גרעסטער אָנשטרענגונג פונ די װידערשפּרוכנ צװישנ די מעלוכעס. דער עקאָנאָמישער קריזיס פאַרשאַרפט זיכ. אַנ אױסשליסלעכע אומרויִקײַט כאַראַקטעריזירט דעמ לױפנדיקנ מאָמענט אױפנ געביט פונ דער צװישנפעלקערלעכער פּאָליטיק.

דער 6-טער קאָנגרעס האָט אָנגעװיזנ אױפ דער װאַקסנדיקער געפאַר פונ נײַע אימפּעריאַליסטישע מילכאָמעס, פריִער פונ אַלצ אױפ דער געפאַר פונ א קאָנטער־רעװאָליוציאָנערנ אָנפאַל אױפנ סאָװעטנפאַרבאַנד. אױפנ 6־טנ קאָנגרעס איז אָנגענומענ געװאָרנ א רעזאָליוציע װעגנ אָרגאַניזירנ יערלעכע אַנטימילכאָמע־דעמאָנסטראַציעס אינ טאָג פונ 1־טנ אױגוסט, אַרױסרוקנדיק אַלס צענטראַלע אױפגאַבע פונ די קאָמפּאַרטײענ אינ די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, דעמ קאַמפּ פאַר פאַרװאַנדלענ די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע אינ א בירגערקריג אונ דאָס פאַרטײדיקנ דעמ ס.ס.ס.ר.

דער פאָרטראַג פונ כ׳ ערקאָלי אױפנ 7־טנ קאָנגרעס גיט א מערקװירדיקנ אַנאַליז פונ די נײַע דערשײַנונגענ אינ דער צװישנפעלקערלעכער סיטואַציע פאַר דער צײַט זינט דעמ 6־טנ קאָנגרעס.

װאָס פאַרא נײַס איז פאָרגעקומענ זינט דעמ 6־טנ קאָנגרעס אױפנ געביט פונ מילכאָמע־צוגרײטונגענ?

1. דאָס נײַע באַשטײט ניט נאָר אינ דער איבערגרופּירונג פונ די קרעפטנ אינ דער קאַפּיטאַליסטישער װעלט, נאָר פריִער פונ אַלצ אינ דעמ, װאָס דער אַלװעלטלעכער אימפּעריאַליזמ איז אַריבער פונעמ צוגרײטונג־פּעריאָד צומ אָנהײבנ פאַרװירקלעכנ די נײַע איבערטײלונג פונ דער װעלט אינ עטלעכע װיכטיקע פּונקטנ פונ ערד־קײַלעכ. דער יאַפּאַנישער אימפּעריאַליזמ איז צוגעטראָטנ צומ צעטײלנ כינע דורכ פאַרכאַפּנ מאַנדזשוריע אונ צאָפנ־כינע. דאָס באַטײַט, אַז עס װערנ פאַקטיש פאַרניכטעט די װאַשינגטאָנער אָפּמאַכנ אונ עס עפנט א װעג צומ לײזנ די טעריטאָריעלע שטרײַטנ אױפנ שטילנ אָקעאַנ דורכ א מילכאָמע.

[1] „פּראַװדא" 15 אױגוסט 1935 י.

2. דער איטאליענישער אימפעריִאליזמ מאכט די לעצטע צוגרייטונגענ, קעדיי אפּראָסנײַ איבערטיילנ די קאָלאָניִאלע לענדער אינ אפריקע דורכ א רויבערישער מילכאָמע מיט אביסיניע.

3. די מילכאָמע צווישנ פאראגווײַ אונ באָליוויע פאר דער געגנט טשאקא איז, אינ טאָכ גענומענ, געווענ א מילכאָמע צווישנ ענגלאנד אונ די פאראייניקטע שטאטנ. ניט געקוקט אפ דעמ, וואָס, זי איז איצט אָפּגעשטעלט געוואָרנ, דאָכ סיגנאליזירט עס וועגנ אנ אָנהייב פונ א ריי מילכאָמעס, קעדיי איבערטיילנ אפּראָסנײַ די לאטיינישע אמעריקע.

4. דער דײַטשישער אימפעריִאליזמ האָט באגראָבנ דעמ ווערסאלער אָפּמאכ סײַ אינ זײַנ מיליטערישער, סײַ אינ דער פינאנצ־עקאָנאָמישער טייל אונ האָט שארפ אוועקגעשטעלט אפנ טאָג־אָרדענונג די פראגע וועגנ איבערקוקנ די מעלוכישע גרענעצנ אינ מיטל־ אונ מיזרעכ־אייראָפּע. דאָס היטלערישע דײַטשלאנד איז געוואָרנ דער הויפּט אונטערצינדער פונ דער מילכאָמע אינ אייראָפּע, דער אָרגאניזאטער פונ א קרייצ־צוג קעגנ פססר.

5. די פארטיפערונג פונ עקאָנאָמישנ קריזיס האָט זייער פארשארפט די ווידערשפּרוכנ צווישנ די ביידע סיסטעמענ, צווישנ דעמ אימפעריִאליזמ אונ דעמ סאָציִאליזמ. די גאנצע צײַט פונעמ קריזיס אונ פונ דער דעפּרעסיע פונ באזונדערנ מינ דראָט דעמ פססר די געפאר פונ א קאָנטער־רעוואָליוציִאָנערנ אָנפאל אונ די דאָזיקע געפאר וואקסט אויס פונ טאָג צו טאָג.

אפנ גרונט פונ דעמדאָזיקנ אנאליז האָט דער 7־טער קאָנגרעס אָנגעמערקט די גרונט־אויפגאבעס, וואָס שטייענ פאר די קאָמפּארטייענ אפנ געביט פונ פאנאנדערוויקלענ דעמ קאמפ קעגנ דער מילכאָמע-געפאר אונ האָט, אלס צענטראלנ לאָזונג, ארויסגערוקט דעמ קאמפ פארנ שאָלעמ אונ צו פארטיידיקנ דעמ סאָוועטנפארבאנד. דעמ לאָזונג—קאמפ פארנ שאָלעמ—אלס א צענטראלנ לאָזונג רוקט ארויס דער 7־טער קאָנגרעס צומ ערשטנ מאָל.

ארוואָס? נאָכ דער וועלט־מילכאָמע האָט אלס „שאָלעמ" פאר אלעמענ געדינט דער ווערסאלער שאָלעמ, קעגנ וועלכנ די באָלשעוויקעס האָבנ געקעמפט. די קאָמוניסטנ האָבנ שטענדיק געזאָגט, אז דער ווערסאלער שאָלעמ איז געווענ א שאָלעמ פונ גוואלדטאט, ווײַל אנדערש ווי דורכ גוואלדטאט קאָנענ ניט לייזנ זייערע ווידערשפּרוכנ די אימפעריִאליסטישע מעלוכעס, וואָס האָבנ געזיגט אינ א מילכאָמע. איצט האָט די ווערסאלער סיסטעמ געפלאצט אונ ווענ די דײַטשישע פאשיסטנ גייענ באוווסטזיניק צו א נײַער אימפעריִאליסטישער וועלט־מילכמע, ווענ זיי ווענדנ צוזאמענ מיט זייערע פארבינדעטע זייערע שפּיזנ, זייערע ארעאָפּלאנענ אונ קוילנ־וואַרפער קעגנ דעמ לאנד פונעמ זיגרײַכנ סאָציִאליזמ, באקומט איצט די זאכ פונ פארטיידיקנ דעמ שאָלעמ גאָר אנ אנדער אינהאלט.

„קעמפנדיק פארנ שאָלעמ, פארטיידיקנ מיר דורכ דעמ אפנ בעסטנ אויפנ דעמ סאָוועטנפארבאנד. פאר קיינעמ קאָנ ניט זײַנ קיינ צווייפל אינ דעמ, אז די קומענדיקע מילכאָמע, אפילע ווענ זי וואָלט זיכ אָנהויבנ, ווי א מילכאָמע פונ צוויי גרויסע אימפעריִאליסטישע מעלוכעס צווישנ זיכ, אָדער ווי א מילכאָמע פונ אוועלכער ניט איז גרויסער מעלוכע קעגנ א קליינ לאנד, וועט אומפארמײַדלעכ האָבנ א טענדענצ אריבערצוגייַנ אונ וועט אומפארמײַדלעכ אריבערגייַנ אינ א מילכאָמע קעגנ דעמ סאָוועטנפארבאנד. יעדער יאָר, יעדער כוידעש, וואָס די מילכאָמע ווערט אָפּגעצויגנ איז פאר אונדז א גאראנטיע פאר דעמ, אז דער סאָוועטנפארבאנד וועט קאָנענ שטעלנ א מער שטארקערנ ווידערשטאנד קעגנ דעמ אָנפאל פונ די

אימפעריאליסטנ. אפ אזא אופנ איז אונדזער קאמפ פארנ שאָלעמ דירעקט פארבונדנ מיט דער שאָלעמ־פאָליטיק, וועלכע עס פירט פססר"[1].

אָפגעבנדיק א צענטראלנ אָרט אינ דער אגיטאציע אונ פראָפאגאנדע פונ די קאָמפאר־טייענ פונ די קאפיטאליסטישע לענדער דעמ לאָזונג פונ קאמפ פארנ שאָלעמ אונ פארטיי־דיקנ דעמ סאָוועטנפארבאנד, האָט דער 7־טער קאָנגרעס באוויזנ, אז דורכ דעמ גופע דע־מאסקירנ די קאָמוניסטנ אָנשוילעכ די ליגנס, וואָס עס פארשפרייטנ די בורזשואזיע אונ די קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע טראָצקיסטנ, אז די קאָמוניסטנ זיינענ קלוימערשט פאר א מילכאָמע, אז זיי זעענ קלוימערשט אינ דער מילכאָמע די איינציקע מעגלעכקייט צו פאר־ווירקלעכנ זייערע פלענער, אז די פראָלעטארישע רעוואָליוציע קאָנ זיגנ קלוימערשט בלויז אינ רעזולטאט פונ א מילכאָמע.

„מיר פארטיידיקנ דעמ שאָלעמ ניט דערפאר, ווייל מיר געהערנ צו דער קאטע־גאָריע ווייכלייביקע טאָלסטאָווצעס, נאָר דערפאר, ווייל מיר שטרעבנ צו זיכערנ באדינגונגענ פארנ זיג פונ דער רעוואָליוציע. ווענ מאָרגנ וואָלט אויסגעבראָכנ א מילכאָמע, וואָלטנ מיר אריינגעטראָטנ אינ קאמפ מיט דער גרעסטער אנטשיידנקייט אונ מיר וואָלטנ געקעמפט מיט אלע קרעפטנ, וויסנדיק אז דאָס וועט זיינ א קאמפ צווישנ אונדז מיט דער בורזשואזיע ניט אפ לעבנ, נאָר אפ טויט" (ערקאָלי).

כ׳ ערקאָלי האָט דייטלעכ פאָרמולירט די פראקטישע אופגאבעס פונ דער קאָמפארטיי אינ קאמפ קעגנ דער מילכאָמע־געפאר, אָנווייזנדיק אפ דער קאָלאָסאלער אונ אנטשיידנ־דיקער ראָל פונ דעמ אייניקייטלעכנ אנטיפאשיסטישנ פאָלקס־פראָנט אינ דער זאכ פונ מאָביליזירנ די מאסנ צומ קאמפ פארנ שאָלעמ אונ פאר פארטיידיקנ פססר.

צוגלייכ מיט דעמ האָט דער 7־טער קאָנגרעס אוועקגעשטעלט פאר אלע זיינע סעקציעס די אופגאבע צו קעמפנ פאר דער נאציאָנאלער באפרייונג אונ אונטערשטיצנ די נאציאָנאל־באפרייערישע מילכאָמעס. אינ דער רעזאָליוציע איבערנ פאָרטראג פונ כ׳ ערקאָלי ווערט געזאָגט:

„אויב עס וועט אפ וואָסער עס איז שוואכער מעלוכע אָנפאלנ איינע אָדער עטלעכע גרויסע אימפעריאליסטישע מעלוכעס, וואָס וועלנ שטרעבנ פארניכטנ איר נאציאָנאלע אומאָפהענגיקייט אונ די נאציאָנאלע איינהייט, אָדער צעטיילנ זי ווי עס האָט געהאט אנ אָרט אינ דער געשיכטע, צ. ב., באמ צעטיילנ פוילנ, קענ די מילכאָמע פונ דער נאציאָנאלער בורזשואזיע פונ אזא לאנד, וואָס שטעלט א ווידער שטאנד דעמדאָזיקנ אָנפאל, אָנעמענ א כאראקטער פונ א באפרייונג־מילכאָמע, אינ וועלכער דער ארבעטער־קלאס אונ די קאָמוניסטנ קאָנענ ניט ניט ארייַנמישנ זיכ. די אופגאבע פונ די קאָמוניסטנ פונ אזא לאנד איז—פירנדיק אנ אָנראכמאָנעסדיקנ קאמפ אפ צו זיכערנ די עקאָנאָמישע אונ פאָליטישע פאָזיציעס פונ די ארבעטער, ארבעטנדיקע פויערימ אונ נאציאָנאלע מינדערהייטנ,—שטעלנ זיכ צוזאמענ דערמיט אינ די ערשטע רייענ פונ די קעמפער פאר דער נאציאָנאלער אומאָפהענגיקייט אונ פירנ א באפרייונג־מילכאָמע ביזנ סאָפ, ניט לאָזנדיק דער „אייגענער" בורזשואזיע צו מאכנ א געשעפטל מיט די אָנפאלנדיקע מעלוכעס אפנ רעכענונג פונ די אינטע־רעסנ פונעמ אייגענעמ לאנד".

---

[1] ערקאָלי „פאָרטראג—אפנ 7-טנ קאָנגרעס".

אינ דערדאָזיקער שטעלונג פונ דער פראגע איז פארקערפערט די אינטערנאציאָנאַלע נאטור פונעמ פראָלעטאריאט אונ פונ זײַנ אוואנגארד—דער קאָמפארטיי. סײַ מארקס אונ ענגעלס, סײַ לענינ אונ סטאלינ האָבנ באטראכט די געשעענישנ פונ דער אויסערלעכער פּאָליטיק פריִער פונ אלצ פונ שטאנדפונקט פונ די אינטערעסנ פונ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע, פונ די פערספעקטיוונ פונ איר פאנאנדערוויקלונג אונ זיג.

די טאקטיק פונ מארקסנ אונ ענגעלסנ אינדערצײַט פונ דער פראנצויזישער מילכאָמע פונ די יאָרנ 1870—1871 איז א מוסטער פונ אינטערנאציאָנאליסטישער פראָלעטארישער טאקטיק אינ די פראגעס וועגנ נאציאָנאל-באפרײַערישע מילכאָמעס. אויב אפנ ערשטנ עטאפּ האָבנ מארקס אונ ענגעלס באטראכט דעמ קראכ פונ נאפּאָלעאָנ דעמ דריטנ, אלס א פּראָגרעסיוונ היסטאָרישנ פאקט, וואָס באזײַטיקט די שטערונגענ אפנ וועג פונ דער נאציאָנאַלער פאראייניקונג פונ דײַטשלאנד, האָט זיכ די מילכאָמע מיצאד פרײַסנ נאָכנ סעדאנער שלאכט פארוואנדלט אינ א דינאסטישער רויבערישער מילכאָמע. אפנ דאָזיקנ עטאפּ פארטיידיקט ענגעלס די נאציאָנאלע שוצ פונ פראנקרײַכ, רופנדיק אינ דער זעלבער צײַט די מיטגלידער פונ אינטערנאציאָנאַל צו קעמפנ קעגנ שאָוויניזמ. זײַענדיק א גרויסער מיליטערישער ספעציאַליסט, שטעלט צונויפ ענגעלס אונ גיט איבער אינ פאריזש פלענער וויאַזוי צו פירנ א שוצ־מילכאָמע קעגנ פרײַסנ.

אינ זײַנ בארימטנ ארטיקל „סאָציאַליזמ אונ מילכאָמע" שטרײַכט אונטער לענינ „די בעזעצלעכקײַט, פּראָגרעסיווקײַט, גערעכטיקײַט" „פונ פארטיידיקנ דאָס פאָטערלאנד" אָדער „פונ א פארטיידיקונג־מילכאָמע", אויב עס האנדלט זיכ וועגנ דעמ „זיג פונ אונטערדרויקטע אָפּהענגיקע, ניט פול־בארעכטיקטע מעלוכעס קעגנ די אונטערדריקערישע, קנעכט־אײַגנטימערישע אונ רויבערישע „גרויסע" „מעלוכעס" [1].

דער קאָמוניסטישער אינטערנאציאָנאל האָט זיכ פארהארטעוועט אינ קאמפּ קעגנ דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע. פארנ פארגאנגענעמ פעריאָד האָבנ מיר געהאט גלענצנדיקע בײַשפּילנ פונ אנטימילכאָמע־ארבעט פונ די קאָמפּארטייענ. עס איז גענוג אָנצוּווײַזנ אפּ אזוינע גרויסע אנטימילכאָמע־ארויסטרעטונגענ, ווי דער אופשטאנד אינ האָלענדישנ קאָלאָניאַלנ פלאָט, ווי דער ווײַסער אונ אָרטגעבירטיקער עקיפּאזש פונ קרייסער „דיעווענ פּראָווינציִענ" האָט אפּ עטלעכע טעג פארכאפּט די שיפ, אונ אויכ אפּ אזוינע אופשטאנדנ, ווי אינ שווערנ אינ מיליטערישנ האפנ, אינ כינעזישנ פלאָט אינ שאנכײַ, די אומרוענ אפּ די פּערווער, טשיליער אונ שפּאנישע מיליטערישע שיפנ. די דאָזיקע אומרוענ האָבנ באוויזנ, וואָס פאר אנ אומצופרידנקײַט עס האָט זיכ אָנגעזאמלט בא די מאטראָסנ פונ די מיליטערישע פלאָטנ—דער ציטאדעל פונ אימפּעריאַליזמ. אינ די שווערסטע באדינגונגענ, זײַענדיק אומלעגאל, האָט די העראָישע קאָמפּארטיי פונ יאפּאָניע, ניט געקוקט אפנ כאיִשנ פּאשיסטישנ טעראָר פונ יאפּאָנישנ מיליטאריזמ, באוויזנ צו אָרגאניזירנ א מעכטיקע אנטי־אימפּעריאַליסטישע באוועגונג. עס איז גענוג אויכ אָנצוּווײַזנ אפּ דער קאָלאָסאלער אנטימילכאָמע־באוועגונג אינ אײראָפּע. איר אויסדריק איז געווענ דער אמסטערדאמער אנטימילכאָמע־קאָנגרעס, וואָס האָט געציילט ביז 3000 דעלעגאטנ פונ 30 לענדער.

אָבער ניט געקוקט אפּ די דאָזיקע דערפאָלגנ, האָט דער 7־טער קאָנגרעס אָנגעוויזנ, אפּ דער קאָלאָסאלער שוואכקײַט פונ דער אנטימילכאָמע־באוועגונג אינ באזונדערע לענדער אונ באזונדערס אפנ שוואכנ צושטאנד פונ דער ארבעט פונ דער קאָמפּארטיי אינ דער ארמיי.

[1] לענינ—ב. XVIII, 3 אויסגאבע, ז, 94.

אינ זײַנ שלוס־רעדע האָט כ׳ דימיטראָוו אָנגעוויזנ, אַז וואָס פאר אַנ אויפּנ די ארבעטנדיקע מאסנ קאָנענ באוואָרענענ זיכ פונ א אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, פריִער פונ אַלצ פונ א מילכאָמע קעגנ פּססר.

„ס׳איז ריכטיק, אַז די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמעס זײַנענ א פּראָדוקט פונ קאפּיטאַליזמ, אונ נאָר דאָס אראָפּוואַרפנ דעמ קאפּיטאַליזמ וועט מאכנ א סאָפּ צו אַלע מילכאָמעס, אָבער עס איז אויכ ריכטיק, אַז די ארבעטנדיקע מאסנ וועלנ מיט זייערע שלאכט־אקציעס שטערנ דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע.

„איצט, אינ קאמפּ קעגנ דער וועלט־מילכאָמע, פארמאָגט דער פּראָלעטאריאַט ניט בלויז דאָס געצײַג פונ זײַנע מאסנ־אקציעס ווי אינ 1914 י. הײַנט ווערט דער מאסנ־קאמפּ פונעמ צווישנפעלקערלעכנ ארבעטער־קלאס קעגנ דער מילכאָמע פארײניקט מיט דער מעלוכישער אופּווירקונג פונ סאָוועטנפארבאנד, מיט זײַנ מעכטיקער רויטער ארמיי, אַלס וויכטיקסטנ וועכטער פונ שאָלעמ.״ [1])

א באזונדער אָרט אפּנ קאָנגרעס האָט פארנומענ דער פּאָרטראג פונעמ כ׳ מאנויִלסקי וועגנ די דערגרייכונגענ פונ פּסס״ר.

כ׳ מאנויִלסקי האָט דעמאָנסטרירט מיט קאָנקרעטע בײַשפּילנ די פּערספּעסטיקונג פונעמ סאָוועטנ־פארבאנ׳ד סײַ אויסערלעכ, סײַ אינערלעכ אפּנ געביט פונ דער גראנדיִעזער סאָציאַליסטישער בויונג. פאר אַלעמענ איז בוילעט קלאָר געוואָרנ, אַז פּסס״ר איז דאָס טעכניש־אָנגעזעטיקסטע לאנד, אַז די אַלע דערגרייכונגענ זײַנענ א רעזולטאט פונ דער סטאַלינישער פּאָליטיק, וועלכע פירט דאָס לאנד פונ בויענדיקנ סאָציאַליזמ פונ זיג צו זיג.

* * *

אינ זײַנ באגײַסטערטער רעדע, וואָס האָט געשלאָסנ די ארבעט פונ 7־טנ קאָנגרעס, האָט כ׳ דימיטראָוו אונטערגעפירט די סאכאקלענ פונ דער קאָלאָסאלער ארבעט, וואָס עס האָט אָפּגעטאָנ דער 7־טער קאָנגרעס אינ פארלויפ פונ 25 טעג.

וועלכע זײַנענ די גרונט־אויספירנ, וואָס עס האָט געמאכט דער כ׳ דימיטראָוו:

1. די ניט געוואקלטע אײנהײַט צווישנ דעמ פּראָלעטאריאט פונעמ לאנד פונ זיגרײַכנ סאָציאַליזמ אונ דעמ פּראָלעטאריאט פונ די קאפּיטאַליסטישע לענדער.

„אינ דער אײניקײַט פונ די קרעפטנ פונעמ פּראָלעטאריאט פונ סאָוועטנפארבאנד מיט די שלאכט־קרעפטנ פונעמ פּראָלעטאריאט אונ פונ די ארבעטנדיקע מאסנ פונ די קאפּיטאַליסטישע לענדער ליגט די גרויסע פּערספּעקטיוו פונ דעמ קומענדיקנ קראכ פונעמ קאפּיטאַליזמ אונ די גאראנטיע פונעמ זיג פונ סאָציאַליזמ אינ דער גאנצער וועלט.״ (דימיטראָוו).

2. דער קאָנגרעס האָט געמאכט אַנ אָנהויב פונ דער ברייטסטער מאָביליזירונג פונ די קרעפטנ פונ אַלע ארבעטנדיקע קעגנ דעמ פאשיזמ. צומ קאמפּ קעגנ דעמ כאִישנ פאשיזמ

[1]) דימיטראָוו, „שלוס־רעדע״.

הויבנ זיכ הײַנט אופֿ ניט נאָר די סאָציאַליסטישע ארבעטער, נאָר אויכ די קלײנבירגערלעכע עלעמענטנ פֿונ שטאָט אונ דאָרפֿ, די פּראָגרעסיווע שיכטנ פֿונ דער אינטעליגענצ. אלס א בוילעטער בײַשפּיל פֿונ דעמ קאָנ דינענ דער אנטיפֿאשיסטישער פֿאָלקספֿראָנט אינ פֿראנקרײַכ.

3. דער קאָנגרעס האָט גערופֿנ אלע פּארטײענ אמברײטסטנ מאָביליזירנ די מאסנ קעגנ דער מילכאָמע געפֿאר, פֿריִער פֿונ אלצ קעגנ דער מילכאָמע מיטנ פֿסס. דער קאָנגרעס האָט אָנגעוויזנ אפֿ יענע קאָנקרעטע פֿאָרמענ אונ מעטאָדנ, וואָס מיט זײער הילפֿ קאָנענ די קאָמפּארטײענ מאָביליזירנ די מאסנ צומ אקטיוונ קאמפּ פֿארנ שאָלעמ, צו פֿארטײדיקנ דעמ סאָוועטנפֿארבאנד.

„אונדזער קאָנגרעס איז א קאָנגרעס פֿונ קאמפּ פֿאר פֿארהיטנ דעמ שאָלעמ קעגנ דער געפֿאר פֿונ אנ אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע. דעמדאָזיקנ קאמפּ שטעלנ מיר איצט אפֿ א נײַעמ אויפֿנ. אונדזער קאָנגרעס וואַרפֿט אָפּ אנטשײדנ די פּאסאַליסטישע אײַנשטעלונגענ אינ באצוג צו די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמעס, וואָס זײַנענ ארײַנגעטראָגנ געוואָרנ דורכ די אלטע סאָציאַל־דעמאָקראטישע פֿאָרשטעלונגענ". [1]

4. דער 7־טער קאָנגרעס האָט פֿאנאנדערגעוויקלט ניט נאָר א פּראָגראמ פֿונ דער אײנהײַט-טעטיקײַט אונ פֿונ שאפֿנ דעמ אנטיפֿאשיסטישנ פֿאָלק־פֿראָנט, ער האָט אויכ אָנגעוויזנ אפֿ די באדינגונגענ, וואָס קאָנענ ברײנגענ צו דער פּאָליטישער אונ אָרגאניזאציאָנעלער אײנהײַט פֿונעמ ארבעטער-קלאס אינ דער גאנצער וועלט.

„אונ אזוי ווי אונדזער קאָנגרעס איז דורכגעגאנגענ אונטערנ צײכנ פֿונ פּראָלעטארישער אײנהײַט, איז ער געווענ ניט נאָר א קאָנגרעס פֿונ קאָמוניסטישנ אוואנגארד, ער איז געווענ א קאָנגרעס פֿונ דעמ גאנצנ צווישנפֿעלקערלעכנ ארבעטער־קלאס, וואָס דורשט נאָכ פּראָפֿארײנישער אונ פּאָליטישער שלאכט־אײנהײַט" [2].

5. דער קאָנגרעס האָט באוויזנ א פֿולשטענדיקע אײנמוטיקײַט, אזא אײנהײַט, וואָס איז נאָכ ניט געווענ אפֿ קײנ אײנעמ פֿונ די פֿאָריקע קאָנגרעסנ פֿונ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל, אָבער דאָס באטײַט ניט, אז קײנע אָפּנויגנ זײַנענ ניט מעגלעכ. אָט פֿארוואָס דער קאָנגרעס האָט אונטערגעשטראָכנ די נײטיקײַט פֿונ אנ אײַזערנער באָלשעוויסטישער דיסציפּלינ אינ יעדער קאָמפּארטײ, אויסוואָרצלענ די פֿראקציאָנעלקײַט אונ באהעפֿטנ ארומ דער שלאכט־אָנפֿירונג פֿונ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל אלע קאָמפּארטײענ. די פּארטײ איז העכער פֿונ אלצ, ווי עס האָט געזאָגט, בא שטורמישע אפּלאָדיסמענטנ פֿונ גאנצנ קאָנגרעס, דער כ׳ דימיטראָוו.

די געשיכטע ארבעט לעטובעס דעמ קאָמוניזמ. די בלוטיקע צעווילדעוועטקײַט פֿונ פֿאשיזמ זאָגט אײדעס ניט וועגנ דער קראפֿט, נאָר וועגנ דער שוואכקײַט פֿונ קאפּיטאליזמ. דאָס האָט געגעבנ דעמ כ׳ דימיטראָוו דאָס רעכט צו דערקלערנ, אז אינ לעצטנ סאכאקל וועט זיגנ דער קאָמוניזמ.

„די איצטיקע הערשער פֿונ דער קאפּיטאליסטישער וועלט—דאָס זײַנענ צײַטווײַליקע מענטשנ.

---

1) דימיטראָוו, „שלוס-רעדע" „פּראווראַ" 22 אוגוסט.

2) דאָרטנ.

דער פראָלעטאריאט—איז דער עמעסער מאָרגנדיקער באלעבאָס פונ דער וועלט. ער דארפ רעאליזירנ זײַנע היסטאָרישע רעכט, נעמענ אינ זײַנע הענט די גאנצע אָנפירונג אינ יעדנ לאנד, אינ דער גאנצער וועלט...

מיט סטאלינענ אינדערשפיצ דארפ אונ קאָנ אונדזער פילמיליאָניקע פאָליטישע ארמיי, בײַקומענ אלע שוועריקײַטנ, העלדיש דורכגייענדיק דורכ אלע פארצאמונגענ,—צעשטערנ די פעסטונג פונ קאפיטאליזמ אונ דערשלאָגנ זיכ דעמ זיג פונ סאָציאליזמ אינ דער גאנצער וועלט" (דימיטראָוו).

מאקס עריק

# מענאכעם-מענדל

## געשטאַלט און מעטאָד

## צווייטער קאַפּיטל: מעטאָד [1]

8.

שאָלעם־אַלייכעמס סאַטירע אף מענאכעם־מענדלען און אפן מענאכעם־מענדליזם האָט אײַנגעהיט איר פּראָגרעסיווע געזעלשאַפטלעכע באַדײַטונג און איר אַקטועלקײַט ביזן הײַנטיקן טאָג. דאָס איז נעגייע ניט נאָר די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, ווו די מענאכעם־מענדלס פירן זייער מאַטעריעלע און גײַסטיקע עקזיסטענץ קימאַט אין די זעלביקע פאָרמעס, וואָס ס'האָט געשילדערט שאָלעם־אַלייכעם, און ווו דער מענאכעם־מענדליזם האָט סײַדן אָנגענומען נאָך א שאַרפערן כאַראַקטער אינעם פעריאָד פון אַלגעמיינעם קריזיס פון דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם. אינעם ראַטנפאַרבאַנד, ווו ס'קומט פאָר אונטער דער אָנפירונג פון דער פאַרטיי און פונעם כ׳ סטאַלין די ענדגילטיקע ליקווידאַציע פון די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן און קלאַסן ביכלאַל און ס'ווערן פאַרניכטעט אינגאַנצן די סיבעס, וואָס געבוירן די קלאַסן־אונטערשיידן און די עקספּלואַטאַציע, איז פאַרשווונדן יענער עקאָנאָמישער באָדן, וואָס האָט געשפּײַזט די מענאכעם־מענדלס. עס שטייט אָבער פאַר אונדז די אויפגאַבע בײַצוקומען די רעשטלעך פונעם קאַפּיטאַליזם ניט נאָר אין דער עקאָנאָמיק, נאָר אויך אינעם באַוווסטזײַן פון די מענטשן — און דאָ וועט נאָך היפּש אויסקומען פירן א קאַמף מיטן מענאכעם־מענדליזם אין דער פאָרם פון פאַרשיידענער פּראָזשעקטערײַ, סאָפיסטיק, פּלאַפּלערײַ, אידייִשער קונצנמאַכערײַ. די סאָוועטישע ליטעראַטור דאַרף אויפמערקזאַם נאָכפאָלגן און דעמאַסקירן די נײַע פאָרמעס, וואָס דער מענאכעם־מענדליזם קאָן אָננעמען אין אונדזערע באַדינגונגען. זי דאַרף געבן א נײַע קריטיק פון די קליינבירגערלעכע אילוזיעס אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, אָבער דאָס דאַרף זײַן א בעעמעס נײַע קריטיק, א קריטיק פון די פּאָזיציעס פונעם סאַמע רעוואָלוציאָנערן קלאַס פון דער וועלט־געשיכטע, א קריטיק פון די פּאָזיציעס פונעם פּראָלעטאַריאַט, פון מאַרקסיזם־לענעניזם. ענלעך האָט כ׳ ד י מ י ט ר אָ ו אין זײַן רעדע אפן אַנטיפאַשיסטישן אָוונט בא די מאָסקווער שרײַבער דעם 28־טן פעוראַל, 1935 י. געזאָגט: „אין איר צײַט

---

1) דער ערשטער טייל פון כ׳ עריקס ארבעט „מענאכעם־מענדל“ איז געדרוקט אין „שטערן“ נומ. 5—6 פון ד. י.

האָט די רעוואָליוציאָנערע בורזשואזיע געפירט א העפטיקנ קאמפ פאר דער זאכ פונ איר קלאס, מיט אלע מיטלענ, דערינ אויכ דורכ דער שיינער ליטעראטור, וואָס האָט געמאכט צום אלגעמיינעמ געלעכטער די רעשטנ פונ דער ריטערשאפט? סערוואנטעסעס „דאָנ־קיכאָט". „דאָנ־קיכאָט" איז געווענ דער שטארקסטער וואָפנ אינ די הענט פונ דער בורזשואזיע אינ איר קאמפ קעגנ דעמ פעאָדאליזמ, קעגנ דער אריסטאָקראטיע. דער רעוואָליוציאָנערער פראָלעטאריאט דארפ האָבנ לעכאָלהאפאָכעס איינ איינציקנ קליינעמ סערוואנטעס געלעכטער), וואָס זאָל אימ געבנ אנ ענלעכנ וואָפנ אינעמ קאמפ".

די מענאכעמ־מענדל־געשטאלט פארדינט אָבער אונדזער אופמערקזאמקייט אונ היט איינ איר וואָג אונ באדייטונג נאָכ פונ אנ אנדער שטאנדפונקט—נעמלעכ, פונ שטאנדפונקט פונ דעמ אויפנ, ווי זי איז געשאפנ געוואָרנ, פונ שטאנדפונקט פונעמ שעפערישנ מעטאָד, וואָס האָט געבראכט שאָלעמ־אליינעמענ צו אזא גרויסנ קינסטלערישנ זיג. מענאכעמ־מענדל איז א מייסטער־ווערק פונ קריטישנ רעאליזמ, אונ יארשענענ דאָס דאָזיקע ווערק באדייט אויכ קריטיש יארשענענ אונ באהערשנ יענע קינסטלערישע דערפארונג פונ א גרויסנ מייסטער, וואָס איז אינעמ ווערק רעאליזירט געוואָרנ. עס איז א ביז־גאָר וויכטיקע אונ אקטועלע אופגאבע אינ שייַנ פונ דער פאָרמולירונג, וואָס די פארטיי אונ פערזענלעכ כ׳ סטאלינ האָבנ געגעבנ דעמ סטיל פונ דער סאָציאליסטישער ליטעראטור, ווי א סטיל פונ סאָציאליסטישנ רעאליזמ. פאָרשטעלנדיק מיט זיכ א פראָדוקט פונ אונדזערע סאָוועטישע סאָציאליסטישע געזעלשאפטלעכע פארהעלטענישנ, איז אָבער גלייכצייטיק דער סאָציאליסטישער רעאליזמ א רעזולטאט פונ דער גאנצער ביז איצטיקער קינסטלערישער אנט־וויקלונג פונ דער מענטשהייט, דער יורש פונ די גרעסטע אונ בעסטע דערגרייכונגענ פונ דער וועלט־ליטעראטור, דערינ אויכ פונ אזא גרויסער ליט. דערגרייכונג, ווי דער בורזשואזער רעאליזמ. עס איז, אלזאָ, ביז גאָר וויכטיק קלאָר צו מאכנ, וויאזוי איז געשאפנ געוואָרנ די געניאלע מענאכעמ־מענדל־טיפיזאציע?

דער פאָרמאליזמ האָט, ווי באקאנט, זיכ שטארק געפאָרעט ארומ ענלעכע פראגעס, אונ אזוי ארומ זייַנענ אנטשטאנענ, צ. ב., שקלאָווסקיס באקאנטע ארבעטנ אונטערנ ביז גאָר כאראקטעריסטישנ טיטל: „ווי איז געמאכט געוואָרנ „דאָנ־קיכאָט", „ווי איז געמאכט געוואָרנ גאָגאָלס „שינעל"? אָפרייסנדיק אָבער לאכלוטנ די פאָרמ פונעמ אינהאלט, איגנאָרירנדיק דעמ אידייִש־סאָציאלנ באטייט פונעמ ווערק אונ פונ זייַנ געשטאלטנ־סיסטעמ, האָט דער פאָרמאליזמ אומגעהייער פארפלאכט די גאנצע פראָבלעמ־שטעלונג. ער האָט דערנידעריקט דעמ קינסטלער, דעמ מייסטער, פארוואנדלענדיק אימ אינ א מינ באלמע־לאָכע, אינ א מינ פלינקנ צושנייַדער, אונ דער אווטער פונ דער דערציילונג „שינעל", וועגנ וועלכער ס׳איז געזאָגט געוואָרנ, אז „פונ איר איז ארויס די גאנצע מאָדערנע רוסישע ליטעראטור", איז פארוואנדלט געוואָרנ אינ א מינ פעטראָוויטש, יענעמ שנייַדער־טאנדעטניק, וואָס האָט גענייט די שינעל פארנ קלאָגעדיקנ אקאקי־אקאקיעוויטש. ווי באַקאנט האָט זיכ שקלאָווסקי דערעדט אפילע צו אזא „געניאלנ" געדאנק, אז די גאנצע געשטאלט פונ דאָנ־קיכאָט פארמאָגט בלויז א סיוזשעטישנ כאראקטער אונ איז ארייַנגעבראכט געוואָרנ, קעדיי צוזאמענ־צונייענ די איינצעלנע עפיזאָדנ אונ נאָוועלעס אינעמ ווערק [1]. ער איז ענלעכ, דער פאָרמאליסט, צומ קינד, וואָס רייַסט אופ דעמ קלאוויר,

[1] „Тип Дон-Кихота, так прославленный Гейне и разсмысленный Тургеневым, не есть первоначальное задание автора. Этот тип является как результат действия построения романа". „Теория прозы", 69.

קעדיי קלאָר צו מאכן, וויאַזוי שפּילט עס—און דער דערפאָלג איז דער זועלביקער—ווער קלאַוויר ווערט כאָרעוו, און ס'בלײַבן בלויז שטיקלעך האָלץ און סטרונעס. „דאָן-קיכאָט", „שינעל" צעפאלן זיך אָפּ א דריי אָפּגעזונדערטע קונסט־מיטלען, עס ווערן פארצייכנט די אָדער יענע טעכנישע דעטאלן. צונויפנעמענדיק זיי אָבער צוריק, סינטעזירנדיק, דערקלערן קאָן ניט דער פאָרמאליסט צוליבן גרונט־דעפעקט פון זײַן בורזשואַז־טעכניציסטישן מעטאָד, וואָס רײַסט אָפּ דעם קינסטלער פון זײַן אידיי, פון זײַן געזעלשאפטלעכער ציל־אײַנשטעלונג.

די דעטאלע אויספאָרשונג פון דעם שרײַבערס קינסטלערישע מיטלען איז נויטיק און נוצלעך, זי וועט אָבער גאָרניט געבן, אויב ס'וועט ניט געלייגט ווערן אין יעסאָד די אויספאָרשונג פון די שעפערישע גרונט־אײַנשטעלונגען, די קינסטלערישע גרונט־פּרינציפּן אינעם שרײַבערס שאפן, און דאָס זײַנען טאָמיד ניט נאָר קינסטלערישע, נאָר אידייאיש־קינסטלערישע פּרינציפּן. אזעלכע קינסטלערישע גרונט־פּרינציפּן זײַנען פארפיקסירט אויך אינעם מענאכעם־מענדל־ווערק. און דאן ווערט קלאָר, אז באוווּסטזיניק אָדער אימבאוווּסטזיניק איז שאָלעם־אליינכעם נאָכגעגאנגען די וויכטיקסטע און פּרוכטבארסטע טיפּיזאציע־פּרינציפּן פון די גרויסע בורזשואַזע רעאליסטן. באוווּסטזיניק אָדער אומבאוווּסטזיניק—וואָרעם שאָלעם־אליינכעם האָט אָנגעשטרענגט און פלײַסיק זיך געלערנט בא די וועלט־קלאסיקער. ער האָט געלייענט פיל, פלײַסיק און קריטיש. „ער איז ביכלאל געווען א דאַר־שטיקער לעזער—זאָגט איידעס בערקאָוויטש—נאָר מיט א באזונדער אופמערקזאמקײַט האָט ער זיך געהאלטן צו זײַן נאָענסטן געביט—צום הומאָר. ער האָט געלייענט אלע הומאָריסטן און סאטיריקער פון דער וועלט־ליטעראטור, פון סערוואנטעס, סוויפט, דיקענס, גאָגאָל און שטשעדרין, ביז מארק־טווען, דזשעראָם ק., דזשעראָם און טשעכאָוו" (שאָלעם־אליינכעם־בוך, 188). ש. א. האָט באזונדערס הויך געשאצט גאָגאָלן און טשעכאָוון, און ניט געקאָנט פארטראָגן אווערטשענקאָן, און וועגן הומאָריסטן פון דעם שניט פלעג ער זאָגן, אז „דאָס זײַנען טיפּשים, וואָס האָבן גענומען אָפּ זיך א פאָדריאד אפן גאנצן לעבן צו כאָכמען זיך" (דאָרט, 189). ענלעך פלעגט ער וועגן די היימישע וואנדראָווס און זייערע „הומאָרעסקעס" זאָגן: נו, איצט וועט שוין ניט העלפן קיין טײַנעס. וויבאלד עס שטייט בעפיירעש „הומאָרעסקע"—וועט מען שוין מוזן לאכן". אָדער „ער האָט פאָרגע־שטעלט דעם הומאָרעסקע-שרײַבער, ווי ער זאָגט צום לעזער מיטן הארבן וואָרט: „לאך, מאמזער! א ניט גיב איך דיר אָט דאָ מיט א „הומאָרעסקע" איבערן קאָפּ"... (דאָרט).

די פּראָבלעם פון ווירקונגען אף שאָלעם-אליינכעמס שאפן איז פאר זיך זייער אינטערעסאנט, און זי איז נאָך ביז איצט ניט באארבעט געוואָרן. עס וואַרפט זיך, צום בײַשפּיל אין די אויגן די ווירקונג פון גאָגאָלס „רעוויזאָר" אף שאָלעם־אליינכעמס „יאקנעהאָז", געוויסע שפּורן פון דאָן־קיכאָט אין דעם מענאכעם-מענדל־ווערק (שיינע-שיינדל ווי א מין סאנטשאָ בענעגייע מענאכעם־מענדלען. אגעוו, איז דער ערשטער פּראָטאָטיפּ פון שיינע־שיינדלס בריוו דער בריוו פון סאנטשאָס ווײַב צו אים, בעשאס סאנטשאָ איז קלאָמער־שטער גובערנאטער פון א קלאָמערשטן אינדזל. אינעם בריוו פון סאנטשאָס ווײַב פיגורירט שוין די שוויגער מיט אירע ווערטלעך, און די דאָרפישע נײַעס אנטשפּרעכן שיינע־שיינדלס קאסרילעווקער נײַעס). עס האָט נאָך קיין שום פאָרשער ניט פארצייכנט, אז שאָלעם־אליינכעמס „מאָטל דעם כאזנס" געפינט זיך (אין די ערשטע קאפּיטלעך) אונטער דער שטארקסטער ווירקונג פון קאָנאָפּניצקאס „אונדזער קליאטשע" (נאשא שקאפא). אָבער נאָך וויכטיקער איז פעסטצושטעלן יענע שעפערישע פּרינציפּן פון די גרויסע

דעאליסטן, וואָס זײַנען ארײַן אין בלוט פון שאָלעם־אלייכעמס קונסט. ביז גאָר באלערוודיק איז דאָ דאָס שטעלן שאָלעם־אלייכעמען אויג אף אויג מיט באלזאקן—צוליב אסאך טײַמים: אי ווײַל באלזאק האָט אכוץ דער אומגעהייערער פראקטיק פון זײַנע 3000 טיפן דערין, צענדליקער פון געוואלטיקער פאראלגעמיינערונג־קראפט, איבערגעלאָזן אויך א ריי וויכטיקע טעאָרעטישע ארויסזאָגונגען וועגן דעם מעטאָד פון טיפיזירן—אי און דערהויפט, ווײַל ס'איז באלזאק, דער גרויסער קענער פון אָט דעם פאך, וועמעס קונסט איז „א שריט פאָרויס אין דער קינסטלערישער אנטוויקלונג פון דער מענטשהײַט" (נוצנדיק לענינס אויסדרוק וועגן טאָלסטאָיען).

איז אָט, באלזאק האָט דעם טיפ פאָרמולירט, ווי „די אידיי, וואָס איז געוואָרן פערסאָנאזש". אפן ערשטן בליק קאָן זיך אויסדוכטן, אז באלזאקס פאָרמולירונג טראָגט אן אויסגעשפראָכן אידעאליסטישן כאראקטער, אז ס'וועלן זיך אונטער איר טייקעף און אָן קיינע באוואָרענישן אונטערשרײַבן אויך די סימבאָליסטן, אז זי אנטשפרעכט ניט בלויז צו אזעלכע געשטאלטן, ווי שיילאָק אָדער ראסטיניאק אָדער מאנילאָוו אָדער מענאכעם־מענדל, נאָר אויך צו הויפטמאנס הײַנריך פונעם „פארזונקענעם גלאָק" אָדער פערעצעס שלוימע און פינכאָס פון דער „גאָלדענער קייט". די גאנצע זאך באשטייט אָבער אין דעם, וואָס בא די סימבאָליסטן איז די אידיי ניט געוואָרן פערסאָנאזש, וואָס באם סימבאָליסט ווערט אף דער אידיי גיך־גיך קוים אָנגעוואָרפן אביסל לעוווש, און עס לײַכט פאָרט דורך קאָסיידער איר נאקעטע און אבסטראקטע לײַב, אזוי צו זאָגן, (וואָרעם די סימבאָליסטישע אידייע האָט אין טאָך קיין לײַב ניט, קיין בלוט און פלייש). ניט נאָר די פארהעלטענישן זײַנען אין דער „גאָלדענער קייט" אָדער אינעם „פארזונקענעם גלאָק" ניט טיפיש, נאָר אויך די כאראקטערן זײַנען ניט טיפיש: שלוימע און פינכאָס זײַנען כסידישע צאדיקים, זיי האָבן אָבער מיטן זעלביקן דערפאָלג געקאָנט זײַן קינסטלער, אינזשעניערן, דאָקטוירים, געלערנטע,—און דאָרט, ווו די פארהעלטענישן זײַנען שוין יאָ אין דער „גאָלדענער קייט" טיפיש און רעאל (אשטייגער, דער גאנצער קאָמפלעקס לייע—דר. בערגמאן), האָט עס צו די גרונט־פיגורן, צו שלוימען און פינכאָסן, קיין שום שײַכעס ניט.

ווען באלזאק פאָדערט אידייִשקײַט פונעם פערסאָנאזש, שטרײַכט ער אונטער, אז דער טיפ, קעדיי ער זאָל ווירקלעך זײַן טיפ, מוז זײַן אָנגעלאָדן און אָנגעזעטיקט מיט פראָבלעמאטיק. די דאָזיקע פראָבלעמאטיק דארף אָבער אנטשפרעכן ברייטע סאָציאלע באדערפענישן, זי דארף פאָרמולירן די זוכענישן און פאָדערונגען פון דער עפאָכע. די גרויסקײַט פון ראבלע, סערוואנטעס, געטע האָט באלזאק געזען אין דעם, וואָס זיי „האָבן טאָמיד געפאָרשט דעם צושטאנד פון דער אטמאָספער פון מענטשלעכן וויסן; וואָס זיי האָבן, אזוי צו זאָגן, געפילט דעם גײַסט, געטאפט דעם פולס פון זייער עפאָכע, געפילט איר קראנקהײַט, אָבסערווירט איר פיזיאָנאָמיע, דערלערנט איר שטימונג. זייער בוך אָדער זייער פערסאָנאזש זײַנען געווען א גלענצנדיקער און הילכיקער רוף, אף וועלכן ס'האָבן אין געגעבענעם מאָמענט געענטפערט די מאָדערנע אידייעס, די שאריענדיקע פאנטאזיעס, די נאָך ניט פאָרמירטע לײַדנשאפטן"... דעם טיפ באנעמט אלזאָ באלזאק דיאלעקטיש סײַ ווי א פראָדוקט פון באשטימטע סאָציאלע נויטן, סײַ ווי א מיטל צו אָרגאניזירן און געבן א פאָרם־אויסדרוק די דאָזיקע נויטן.

באלזאק קעמפט פאר דער מאקסימאלער אידייִשער פראָבלעם־אָנלאָדונג פונעם טיפ, און זײַן פאָרמול איז פריִער פאר אלץ געווענדעט קעגן דעם קריכנדיקן עמפיריזם אין דער קונסט, קעגן ריין באשרײַבערישן רעאליזם, אָן גרעסערע פאראלגע־

מיינערונגען, אָן גרעסערע אידייִשע האָריזאָנטן. באַלזאק קעמפט קעגן דער שטייגעריס־
טישער טראַקטירונג פון דער געשטאַלט, קעגן דער שטאַרק פאַרשפּרייטער מיינונג, אַז
בלויז דאָס שטייגערישע ראַטעוועט דעם פערסאָנאַזש פון אַבסטראַקטקייט און סכעמאַטיזם.
דאָס ווערט קלאָר פונעם גאַנצן קאָנטעקסט: „כ'בין זיך אָפּן מודע: „זשיל בלאַז" מאַכט
מיך לויט זײַן פאָרם: דאָס אָנוואַלגערן אידייען און פאַקטן אַנטהאַלט אין זיך עפּעס אומ-
פּרוכטבאַרעס. פאַרן מער הויכן באַוווּסטזײַן איז כאַראַקטעריסטיש די אידיי, וואָס איז
געוואָרן פערסאָנאַזש". פאַרן ביז־באַלזאַקישן רעאַליזם זײַנען טאַקע כאַראַקטעריס־
טיש צוויי שילדערונג־ליניעס: איינע א שטייגעריש־באַשרײַבנדיקע, און
דאָ געהערן צום בײַשפּיל, באָקאַטשיאָס „דעקאַמעראָן", די פּילצאָליקע זשוליקעס־ראָמאַנען
פונעם שפּאַנישן „לאַסאַריליא פון טאָרמעס" ביז דעם „זשיל־בלאַז" פון לעסאַזש און סמאָ־
לעטס „פּערעגרינ פּיקל"—ראָמאַנען, וואָס האָבן געגעבן א ברייטע שטייגער־שילדערונג,
אָבער שטאַרק עמפּיריש, באַשרײַבעריש, אָן דער קאָנצענטרירונג אין מעכטיקע טיפּיזירטע
כאַראַקטערן,—און א צווייטע, וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אַף דער פּראָבלעם־שיל־
דערונג,—די ליניע פון סערוואַנטעס, שעקספּיר, געטע. „קעניג ליר" איז שטייגעריש
ביז גאָר אָרעם, און דאָך איז עס א ביז גאָר פולבלוטיקער טיפּ. „דאָן־קיכאָט" קומט פאָר
ערגעץ אַף די הינטער־הויפן פון דער שפּאַנישער געזעלשאַפט פון 16־טן יאָרהונדערט, דאָ,
פּעלט קימאַט אינגאַנצן די שטאָט, די אַקציע קומט פאָר אין פאַרוואַלגערטע קרעטשמעס,
ווילדע בערג, ווײַסע אָן א זײַט וועגן, דאָ פּעלט קימאַט אינגאַנצן דער קלער, די אינקווי־
זיציע (אינעם אולטראַ־קאַטוילישן שפּאַניע פון 16־טן י. ה.), דער מאַגנאַטן־שיכט (ניט
געקוקט אַף דער הערצאָג־פּאָר), דאָס פויערטום (ניט געקוקט אַף די פּאַסטעכער, וואָס
זײַנען ס'ראָוו איבערגעטאָנענע און צוגעפּוצטע פּייזאַנעס). דער גרויסער דערקענטעניש־
ווערט פון „דאָן־קיכאָט" בויט זיך ניט, ווי עס מיינט דער נאַיִווער רעאַליזם, אַף דער
ברייטער שילדערונג פונעם שפּאַנישן לעבן אין דער רענעסאַנס־צײַט, וואָרעם אַזאַ מין
שילדערונג איז דאָ ניטאָ, נאָר אַף דער טיפּיזאַציע פון דאָן־קיכאָטן און סאַנטשאָ־פּאַנסאָ.
דער היסטאָרישער אופטו פון באַלזאַקן, זײַן באַדײַטונג אין דער וועלט־ליטעראַטור, ווי־
א שריט פאָרויס אין דער קינסטלערישער געשיכטע פון דער מענטשהײַט, באַשטייט אין
דעם, וואָס ער האָט צונויפגעגאָסן בײדע ליניעס פונעם פריִערדיקן
בורזשואַזן רעאַליזם און סינטעזירט זיי מיט א גוואַלדיקער קראַפט: ער האָט אי
געגעבן אין זײַנע „עטיודן וועגן די זיטן" „די סאַמע מערקווירדיקע געשיכטע פון דער
פראַנצויזישער געזעלשאַפט פון זײַן צײַט" (ענגעלס), אַזוי ווײַט, אַז ענגעלס האָט גע־
האַלטן פאַר מעגלעך פעסטצושטעלן, אַז ער האָט פון זײַנע ווערק געלערנט מער, ווי פון
די ביכער פון אַלע פראָפעסיאָנעלע היסטאָריקער, עקאָנאָמיסטן און סטאַטיסטיקער פון זײַן
פּעריאָד,—אי ער האָט געשאַפן צענדליקער און הונדערטער טיפּן,—קאָנצעטראַטן און טרע־
גער פון דער פּראָבלעמאַטיק פון זײַן עפּאָכע. אַזוי אַרום ווערט שוין קלאָר אויך די־
היסטאָרישע ראָליע און די באַדײַטונג פון מענדעלען און שאָלעם־אַליכעמען אין דער
ייִדישער ליטעראַטור. די עלטערע האַסקאָלע־ליטעראַטור איז געווען ס'ראָוו שטייגעריש,
באַשרײַבעריש. אַקסנפעלדס מוסטער איז טאַקע געווען „זשיל־בלאַז" מיט זײַן אָנוואַלגערן
„אידייעס און פאַקטן" (אויך אַקסנפעלד האָט פאַרפאַסט צוויי גרויסע „ייִדישע זשיל־בלאַזן",
וואָס זײַנען, ליידער צו אונדז ניט דערגאַנגען), און גרויסע טיפּיזירטע פאַראַלגעמיינערונ־
גען האָט ניט געגעבן ניט עטינגער, ניט אַקסנפעלד, ניט פּערל, ניט ערטער, ניט גאָט־
לאָבער. די בעסטע געשטאַלט אין דער ייִדישער ליטעראַטור ביז די 60־קער יאָרן, עטינ־

גערס סערקעלע, איז נאָך אַלץ מער פּערסאָנאַזש, ווי אידיי, זי איז שטייגעריש, פאַרמאָגט אָבער אַ נישטיקע פּראָבלעם־אָנלאָדונג. אקסנפעלדס שטעטל „ניביוואַלע" איז אַ שטייגערדיקער באַגריף, ניט קיין פּאַראַלגעמיינערטע געשטאַלט, ווי קאַבצאַנסק אָדער קאַסרילעווקע. מענדעלע און שאָלעם־אַלייכעם זײַנען אָבער געווען ניט בלויז שטייגער־שילדערער, זיי האָבן באַוויזן אײַניינעם מיט אַ ברייטער שטייגער־באַשרײַבונג פון עם לעבן פון דער יידישער באַפעלקערונג אינעם צאַרישן רוסלאַנד פון 19־טן יאָרהונדערט קאָנצענטרירן איר פּראָבלעמאַטיק אויך אין אַ ריי גרויסע טיפּיזירונגען, ווי קאַבצאַנסק, גלופּסק, ביניאָמין, סענדערל, מענדעלע, קאַסרילעווקע, מענאַכעם־מענדל, טעוויע, שימעלע סאָראָקער א. א. וו. אין דעם איז באַשטאַנען יענער גרויסער קינסטלערישער שריט פאָרויס, וואָס ס'האָט אין זייער שאַפן געמאַכט די יידישע ליטעראַטור.

.9

דער פריִקער בורזשואַזער רעאַליזם פון דעם טיפּ לעסאַזש אָדער אקסנפעלד האָט געהאַט נאָך אַ שוואַכקייט: ער האָט זיך באַמיט געטרײַ און פלײַסיק קאָפּירן די ווירקלעכקייט, האָט אָנגעוואַלגערט פאַקטן אַף פאַקטן, דעטאַל אַף דעטאַל, און ניט געוווּסט דעם סאָד פון אָפּקלײַב, פון אַרויסנעמען דאָס סאַמע וועזנטלעכע אין דער ווירקלעכקייט. שילדערנדיק די פאַרשיידענע דעטאַלן פונעם אַמאָליקן ייִדישן שטייגער, פאַרשטייט נאָך ניט אקסנפעלד, וואָס איז וויכטיק, און וואָס האָט ניט קיין וועזנטלעכע באַדײַטונג. באַלזאַק פלעגט צוליב דעם קרעפטיק אונטערשטרײַכן דעם מאָמענט פון אָפּקלײַב: „דער געני פון אַ קינסטלער—שרײַבט באַלזאַק—באַשטייט אינעם אָפּקלײַב פון נאַטירלעכע אומשטענדן". עס איז אָבער וויכטיק ניט נאָר אַרויסנעמען דאָס סאַמע וועזנטלעכע אין דער ווירקלעכקייט, נאָר אויך קאָנען דערווײַזן, אַז דאָס איז טאַקע דאָס סאַמע וועזנטלעכע. „דער פאַקט—זאָגט באַלזאַק—דערקלערט זיך שוין דערמיט, וואָס ער עקזיסטירט; קעדיי אים אַריבערצופירן פונעם צושטאַנד פון לעבעדיקער האַנדלונג אין דער וואַרשײַנלעכער האַנדלונג פונעם בוך, מוז דער שרײַבער אונדז ווײַזן אַלע זײַנע וואָרצלען"—דער פאַקט מוז, אַלזאָ, באַקומען זײַן געהעריקע סאָציאַלע מאָטיווירונג, די סיבע און דער רעזולטאַט מוזן געוויזן ווערן אין זייער דיאַלעקטישער צוזאַמען־ווירקונג. דאָס קאָן אָבער געמאַכט ווערן בלויז מיט די ספּעציפישע מיטלען פון קונסט, און באַלזאַק ווערט ניט מיד איבערצוכאַזערן, אַז דער קינסטלערישער עמעס פאַלט ניט צונויף אין אַלע פּראָטים מיטן לעבנעמעס. סײַ דער פאַקט גופא, זײַן מאָטיווירונג דאַרפן געגעבן ווערן מיט דער מאַקסימאַלער העלקייט און אויסשעפּנדיקייט, קעדיי ער זאָל קאָנען איבערצײַגן, ווירקן, ווערן צוגענגלעך יעדערן: „דער ציל פון פּאָעט באַשטייט אינעם דערפירן אידייעס צו יענער מאַדרייגע פון העלקייט, בא וועלכער זיי ווערן צוגענגלעך דעם בליק און געפיל פון יעדערן". אין באַלזאַקס געשטאַלטן־וועלט ווערט די דאָזיקע העלקייט דערגרייכט קודעמקאָל דורך דעם, וואָס יעדער טיפּ איז דער טרעגער פון איין באַשטימטער דאָמינירנדיקער אידיי. די ראַפּישע אידעאָלאָגן פון דער טעאָריע פונעם „לעבעדיקן מענטשן" האָבן געוואָלט אויסמײַדן סכעמאַטיזם דורכן מעכאַנישן שאַפן געשטאַלטן, וואָס זאָלן עקלעקטיש באַשטיין פון „אַביסל פון דעם און אַ קאַפּעטשקע פון יענעם". די פיגור פונעם רעוואָליוציאָנער האָט לויט די דאָזיקע קלאָגעדיקע רעצעפּטן געדאַרפט עקלעקטיש סומירן אַביסל באָלשעוויסטישן שטאָל און אַביסל פּערזענלעכע צעקראָכנקייט (פאַרגלײַך ליבעדינסקיס „די

געבורט פונ א העלד"). אקענג־זשע האָט באלזאק געפּאָדערט אנ אידײַשע דאָמינאנטע
באמ העלד. שײַלאָק האָט ליב געלט אונ האָט ליב די טאָכטער—אָבער זײַנ עצעמ ליבע צו
דזשעסיקא ווערט דאָמינירט אונ איבערגעבראָכנ דורכ דער ליבע צו געלט. די געשטאלט
דארפ זיכ בויענ לויט איינ באשטימטער גרונט־אקס. די העלקײַט פונ דער מענאכעמ־
מענדל־געשטאלט ווערט טאקע דערגרייכט דורכ דער דאָמינירונג פונ איינ באשטימטער
לײַדנשאפט, וואָס באהערשט אלע איבעריקע אינטערעסנ אונ שטריכנ פונעמ העלד. איג
דער עצעמ־מאָטיווירונג פונ מענאכעמ־מענדלס געשעפטנ־בעהאָלע קאָנט איר געפינענ
עטלעכע סיבעס: דאָ איז פאראנ אי דער פארנאָסע־מאָטיוו, די פּאָשעטע אונ נאטירלעכע
שטרעבונג צו עקזיסטירנ, ניט הונגערנ, ניט גײנ צומ גרונט; אי די קינע צו די גווירימ,
וואָס לעבנ א טאָג, לויפנ ארומ אינ „דראָנזשיקעס", זיצנ אפ דאטשעס, שפּילנ קאָרטנ
אונ האָבנ „סאדעזשאנקעס" אונ הערנ „שענשענעצקעס"—אונ דאָס שטרעבנ לעבנ ווי זיי;
אי דער נײַגיר צומ מעכאניזמ פונ די קאפּיטאליסטישע געשעפטנ, דאָס ווילנ דערגיינ דעמ
סייכל פונעמ רובל, וואָס דאָ הויבט ער זיכ צוליב דער צוקילונג פונ דער ענגלישער
מאלקע, אונ דאָ פאלט ער צוליב ביסמארקנ, די כאָכמע, וואָס שטעקט אינ די אקציע־
שפּילנ אונ די ראָליע פונ װארשע אונ פּייטערבארג. דאָס זײַנענ אלצ איינצעלנע, גאנצ
בארעכטיקטע מאָטיוונ, איינצעלנע פונקטנ, וואָס צעברענענ זיכ אָבער אינ איינ גרויסנ
פּײַער, אונ מענאכעמ־מענדל דערשײַנט פאר אונדז שוינ ווי א באהערשטער פונ איינ
אידיי—פונ געשעפט צוליב געשעפט, געשעפט פריִער פאר אלצ, געשעפט מיט וואָס איר
ווילט, מיט וואָס דאָס אויג זעט—א מאניע, ווו די גאנצע וועלט דערשײַנט ווי איינ גרויי־
סער אָביעקט פונ געשעפט. פארשיידענע מאָטיוונ האָבנ געבראכט צו דער זעלבסט־פאר־
ניכטונג פונ א גאבסעק, פונ א פּליושקינ, פונ א גאָריאָ, פונ א קעניג ליר, פונ א מענא־
כעמ־מענדל, אָבער אינ לעצטנ סאכאקל בלײַבט איינ דאָמינירנדיקער שטריכ, וואָס בא־
הערשט אלע אנדערע געפילנ, באשטימט די גאנצע אופירונג פונעמ מענטשנ. דערמיט איז
שוינ פארבונדנ א צווייטער שטריכ פונ באלזאקס פּאָעטיק: די פאָדערונג פונ דער גרעסט־
מעגלעכער קאָנצענטראציע ניט נאָר דורכ דער דאָמינאנטע פונ א באשטימטנ מאָטיוו, נאָר
אויכ דורכנ טרײַבנ אימ ביז דער לעצטער מעגלעכקײַט, ביז די לעצטע
קאָנסעקווענצנ, אזוי ווײַט, אז דער געפיל וואקסט איבער אינ א לײַדנשאפט, אונ די לײַדנ־
שאפט ווערט שוינ פארוואנדלט אינ א שטיק מאניע. שוינ טענ האָט אופמערקזאמ געמאכט
אפ דער גרויסער צאָל מאניאקנ בא באלזאקנ, זיי פארפילנ אָבער אויכ די שעקספּירישע
געשטאלטנ־גאלעריי. די מאָנאָמאניע איז כאראקטעריסטיש פאר דאָנ־קיכאָטנ, זי ליגט אינ
יעסאָד פונ פּליושקינענ אונ סאָבאקעוויטשנ אונ מאנילאָוונ אונ כלעסטאקאָוונ, פונ יודושקא
גאָלאָווליאָװ אונ מר. דאמבי, פונ בינ־אָמינ־האשלישי אונ מענאכעמ־מענדלענ. אינ יעסאָד
ליגט דאָ די קינסטלערישע איבערטרײַבונג, די קינסטלערישע גוזמע אונ היפּערטראָפּיע,
אונ גראָד זי גיט א מעגלעכקײַט קאָנצענטרירנ אונ פּלאסטיש מאכנ וועזנטלעכע שטריכנ
פונ דער ווירקלעכקײַט, ברייטער מאכנ דעמ ארומכאפּ פונ דער ווירקלעכקײַט, כאָטש טאקע
דורכ דער גוזמע גופע הויבט אָנ דער קינסטלערישער עמעס אָפּווייכנ פונעמ לעבנ־עמעס.
טענ באמערקט ריכטיק, אז דורכ אָטאָ דער גוזמע ווערנ די פיזיאָגנאָמיעס פונ באלזאקס
העלדנ „מער אויסדריקלעכ, ווי די פיזיאָגנאָמיעס פונ רעאלע פערזאָנענ, אינ זיי, ווי אינ
א פאָקוס, קאָנצענטרירט זיכ דאָס, וואָס די נאטור האָט צעשפּרייט". די מענאכעמ־מענד־
לישע גוזמע קאָנצענטרירט טאקע ווי אינ א פאָקוס א ריי שטריכנ פונ דער קלײנבירגער־
לעכער עקזיסטענצ, וואָס זײַנענ צעשפּרייט סײַ אינעמ לעבנ, סײַ בא די פארשיידנסטע

פערסאָנאזשן בא שאָלעם־אַלייכעמען גופע. גאָרקי האַלט דעם דאָזיקן איבערטרײַבונג־מאָמענט פאַר אַ וועזנטלעכער באַדינגונג אויך פון דער פּאָעטיק פונעם סאָציאַליסטישן רעאַליזם. אין זײַן שלוס־וואָרט אפן קריטיק־פּלענום פונעם פאַרבאַנד סאָוועטישע שרײַבער, דעם צווייטן מאַרט 1935, זאָגט גאָרקי: „אַלע גרויסע ווערק, אַלע די ווערק, וואָס זײַנען מוסטערן פון הויך־קינסטלערישער ליטעראַטור, באַזירן זיך טאַקע אַפ דער איבערטרײַבונג, אַפ דער ברייטער טיפּיזירונג פון דערשײַנונגען. צי איז שוין דען ניט צײַט, מיר זאָלן זיך נעמען אויסלערנען די דאָזיקע זאַך?"

סערוואַנטעסן האָבן שוין די קורצזיכטיקע קריטיקער פון זײַן צײַט פאָרגעוואָרפן, אַז שוין צופיל טרײַבט ער איבער מיט זײַן דאָן־קיכאָט, אַז שוין צופיל קלעפּ כאַפּט זײַן בידנער ריטער, אַזויפיל קלעפּ, אַז ער האָט שוין לאַנג געדאַרפט אויסציִען די פיס, ווען דאָס זאָל פּאָרקומען אין דער ווירקלעכקײַט, און סערוואַנטעס געפינט אַפילע פאַר נויטיק זיך פאַרענטפערן צוליבדעם אין צווייטן טייל פון זײַן בוך. לויט דער פאָרמעלער לאָגיק זײַנען די קריטיקער געווען עפּשער גערעכט — אָבער סערוואַנטעס האָט געהאַנדלט לויט דער ק י נ ס ט ל ע ר י ש ע ר ל אָ ג י ק, און ער האָט איין מאָל און אַ צווייטן מאָל און צענדליקער מאָל געשטעלט דאָן־קיכאָטן אין ענלעכע סיטואַציעס מיט איינעם און דעם זעלביקן אומפאַרמײַדלעכן סאָף. ענלעך האָט שאָלעם־אַלייכעם, ניט מוירע האָבנדיק פאַר מאָנאָטאָניע, אַפּ אַן אויסשעפּנדיקן אופן געפירט זײַן מענאַכעם־מענדל פון איין פּראָפעסיע אין דער צווייטער, פון איין געשעפט צום צווייטן, אײַנהיטנדיק קעסיידער בא מענאַכעם־מענדלען דעם זעלביקן גלויבן און דעם זעלביקן ענטוזיִאַזם, און דאָס בילד האָט בלויז געוווּנען אין פולקײַט און אויסדריקלעכקײַט.

די קינסטלערישע איבערטרײַבונג, די קינסטלערישע גוזמע און היפּערטראָפיע שפּילט אַ קאָלאָסאַלע ראָליע אין שאָלעם־אַלייכעמס שעפערישן מעטאָד. זי ליגט אין יעסאָד פון דער מענאַכעם־מענדל־טיפּיזירונג, פונעם שלימאַזל („דער מוצלעכ") אין דעם זעלביקן ווערק (אַ בעקאָוועדיקע פאַרנאָסע), פון דער פיניע־געשטאַלט, פון דער עליע־געשטאַלט, פון לייווי מאַזגאָוואָיער, פון שימעלע סאָראָקער, פון דער קאַסרילעווקע־געשטאַלט, פון איינצעלנע עפּיזאָדישע פיגורן, אַשטייגער, דער ניסרעפּ, די קאָנקורענטן און הונדערטער אַנדערע ענלעכע געשטאַלטן, — פון דער סיטואַציע (אַשטייגער, די טינט, קוואַס, שעמעריצע־סצענעס אין מאָטל דעם כאַזנס), זי ליגט אינעם יעסאָד אויך פון שאָלעם־אַלייכעמס ה ע כ ע ר ן טיפּ פון אַנעקדאָט, וואָס דריקט אויס בלויז אין אַ פאַרשפּיצטער, גראָטעסקירטער, גוזמעדיקער פאָרם ווירקלעכע און באַדײַטונגפולע מאָמענטן פון דער ווירקלעכקײַט. אַזאַ מין אַנעקדאָט ליגט צום בײַשפּיל, אין יעסאָד פון „פּריזיוו": אַז ס'האָט גרײַלעך געקאָנט פּאַסירן אין צאַרישן רוסלאַנד, מע זאָל פיר מאָל רופן אַ מענטשן צום פּריזיוו, אַז ס'איז אין טאָכ געווען אַ זעלטענער פאַל, אַ קוריאָז, אַז ס'איז אין לעצטן סאַכאַקל דורכויס כאַראַקטעריסטיש פאַרן מיליטעריש־ביוראָקראַטישן און שאָוויניסטישן רעזשים פון ניקאָלײַ II, ענלעך ווי דער פּאָרוטשיק קיזשע־אַנעקדאָט פאַר דער צײַט פון פּאַוול I, ווי דער רעוויזאָר־אַנעקדאָט פאַר דער צײַט פון ניקאָלײַ I.

## 10.

אַ דריטע כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפט פון באַלזאַקס טיפּיזאַציע־מעטאָד באַשטייט אין דער קאָנטראַסטירונג, אינעם קעגנשטעלן איין געשטאַלט צו דער צווייטער, אין דער שאַפונג פון פּאָליאַרישע געשטאַלטן, דורך וואָס ס'ווערן בולעטער די מײַלעס און די כעס־

רוינעס פון יעדער געשטאַלט און ס'ווערט פּלאַסטישער ארויסגעבראַכט יענע אידייִשע אָנלאָדונג, יענע פּראָבלעם־שטעלונג, וואָס ווערט געגעבן אין דער געשטאַלט. דער פּאַטריארכאַלער סויכער צעזאַר בירָאָטאָ ווערט קעגנגעשטעלט צו די שווינדלערישע, ספּעקוליאַנטישע באַנקירן ניסאַנזשענ, די־סיע, קעלער; דער רעאַליסטישער קאַריעריסט ראַסטיניאַק צום לייַכטזיניקן און צעקראָכענעם קאַריעריסט לוסיען דע־ריבאַנפּרע; דער ליבנדיקער פאָטער גאָריאָ צו זייַנע עגאָיסטישע טעכטער, דער פאַרשווענדערישער באַראָן היולאָ צו זייַן ערלעכער און באַשיידענער מישפּאָכע; דער האַס פון קוזינע בעטי צו דער מעסירעסנעפּעש פונעם קוזען פּאָנס. עס איז ניט נאָר באַלזאַקס מעטאָד, נאָר אויך שעקספּירס און סערוואַנטעסעס און געטעס און דיקענסעס. גאָנאַרילע און רעגאַנע ווערן קעגנגעשטעלט קאָרדעליען; ברוטוס—אַנטאָניוסן; האַמלעט—פּאָלאָניוסן. עס איז אַ צענטראַלער מאָמענט אין געטעס פּאָעטיק: אין „געץ פון בערליכינגען" ווערט געצן קעגנגעשטעלט ווייסלינגען, געאָרגן—פּראַנצ, עליזאַבעט און מאַריאַ—אַדעלהייד פון וואַלדאָרף, דעם מאָנאַך מאַרטינ—דער יוריסט בעלאַריוס; אין די „ליידן פונעם יונגן ווערטער" ווערט דעם אומרויִקן בורזשואַזן בונטאַר ווערטער קעגנגעשטעלט דער מעיושעוודיקער, רויִקער, סאָלידער, פּיליסטערישער בורזשואַ אַלבערט; גאַנצ פאַוסט ווערט געבויט אַפ דער דאָזיקער פּאָליאַרישקייַט: פאַוסט—מעפיסטאַ, פאַוסט—וואַגנער, פאַוסט—גרעטכען, גרעטכען—מאַרטאַ. די קעגנשטעלונג דאָן־קיכאָט און סאַנטשאַ פּאַנסאָ איז איינס פון די שטאַרקסטע זייַטן פון סערוואַנטעסעס געניִאַלן ווערק. די דאָזיקע קאָנטראַסטירונג איז אָבער ניט סטאַם אַ קינסטלערישער מיטל; קעדיי זי זאָלווירקן ווירקלעכ, מוז זי האָבן אַ טיפערן אידייִשן זינען, מוז אָפּשפּיגלען ווירקלעכע און וועזנטלעכע אַנטאָגאָניסטישע מאָמענטן אין דער באַוועגונג פון דער ווירקלעכקייַט גופע. די פּאָליאַרישקייַט פון דאָן־קיכאָט און סאַנטשאָ־פּאַנסאָ איז שטאַרק און גרויס דערמיט, וואָס זי שפּיגלט אָפּ דעם היסטאָרישן אַנטאָגאַניזם צווישן דעם אָפּגייענדיקן פעאָדאַל און דעם אופקומענדיקן „דריטן שטאַנד". ענלעכ ווי דידראָס זשאַק און זייַן באַלעבאָס אָדער באָמאַרשעס פיגאַראָ און אַלמאַוויוואַ. געטעס קעגנשטעלן דעם לאַגער פון געצן צום לאַגער פון ווייסלינגען שפּיגלט אָפּ דעם ווירקלעכן היסטאָרישן אַנטאָגאָניזם צווישן אָפּגייענדיקן פעאָדאַלן ריטערטום און דער אופקומענדיקער אַבסאָליטער מאַכט פון די פירשטן. די פּאָליאַרישקייַט פון צעזאַר בירָאָטאָ און ניסאַנזשען שפּיגלט אָפּ דעם אַנטאָגאַניזם צווישן פּאַטריִאַרכאַלן סויכער און דעם מאָדערנעם קאַפּיטאַליסט, און ניט קיין וווּנדער, אַז ווען בירָאָטאָ גייט אונטער צוליב זייַן באַנקראָט, זייַנען גראָד ניסאַנזשענס פּילצאָליקע באַנקראָטן אַ קוואַל פאַר זייַן באַרייַכערונג און ווייַטערדיקן שטייַגן („באַנקהויז ניסאַנזשען"). ענלעכ איז דער אַנטאָגאַניזם פון מענאַכעם־מענדל און שיינע־שיינדל אַ ווירקלעכע און רעאַליסטישע אָפּשפּיגלונג פונעם אַנטאָגאָניזם צווישן קלייַנבירגערלעכע שיכטן פון צוויי פאָרמאַציעס, דער פעאָדאַלער און דער קאַפּיטאַליסטישער. אַ וויכטיקער דעפעקט פון מענדעלעס „מאַסאָעס" איז טאַקע דאָס פעלן פון אַ טיפערער, סאָציִאַל־און היסטאָריש־באַרעכטיקטער אַנטאָגאָניסטישקייַט צווישן ביניאָמינען און סענדערלען—ביידע געהערן צו איין קלאַס און צו איין סאָציִאַל־עקאָנאָמישער פאָרמאַציע, ביידע דערגאַנצן גיכער איינער דעם צווייטן, און זייער קאָנטראַסטירונג איז גיכער אַ פּסיכאָלאָגיש־ביאָלאָגישע, איידער אַ סאָציִאַלע. פּערעצעס שלוימע און פּינכעס זייַנען געגעבן אַנטאָגאָניסטיש, אָבער זייער פּאָליאַרישקייַט באַקומט ניט קיין שום טיפערע היסטאָרישע און סאָציִאַלע באַרעכטיקונג, דריקט ניט אויס ווירקלעכע באַוועגונג פון דער געשיכטע, און דערפון באַקומט זיכ די טונקלקייַט, ניט אויסדריקלעכקייַט און טיילווייַז אפילע דער פּאַראַלעליזם

(אינדיווידואליזם, טרעטירונג פון האמוינ) פוןביידע געשטאלטנ. פּון גרויסע סאָציאַלע
פּאראלעלגעמיינערונגענ גליטשט זיכ דאָ פּערעצ אראָפּ סאָפּקאָלסאָפּ אפּ א ריינ פּסיכאָלאָגישער
קעגנשטעלונג.

צוליב א גאנצער ריי סיבעס, וואָס וואָרצלענ אינ דעם ניט אויסלעבנ פּעאָדאלע
סימפּאטיעס, איז ווי באקאנט פאראנ בא סערוואנטעסנ, ביפראט אינ צווייטנ טייל,
א טענדענצ אָפּצושוואכנ די אנטאָגאָניסטישקייט פונ דאָנ־קיכאָטנ אונ סאנטשאָ פאנסאָ, אונ
פאנסאָ ווערט צייטנוויַיז ווי אָנגעשטעקט פונ דאָנ־קיכאָטס מעשוגאס. דעם דאַזיקנ מאָ־
מענט שטרייַכנ אונטער אסאכ פּאָרשער. זיי באמערקנ אָבער ניט, אז סערוואנטעסעס גרויס־
קייַט באשטייט טאקע אינ דעם, וואָס אויכ דאַ זיגט סאָסקאָלסאָפּ זייַנ רעאליזם: סאנטשאָ
בלייַבט פויער אפילע אינ די מינוטנ פונ זייַנ פארבלענדונג, דאָנ־קיכאָט בלייַבט פּאָרעצ
אפילע אינ מינוטנ פונ זייַנ „כאָכמע“ אונ ניכטערקייַט. ענלעכ האָט אויכ ניגער געשריבנ:
„אינ זייַנע לעצטע בריוועלעכ הייבט מענאָכעם־מענדל אָנ אליינ צו פילנ זייַנ דערשלאָגנ
קייַט, זייַנ שלימ־שלימאזל. ער ניכטערט זיכ אויס אוויַלע פונ די יעהופּעצער גליקנ אונ
עס וואכט אופ אינ אימ צוריק דאָס קאסרילעווקער קליינ מענטשעלע מיט די קליינע הא־
סאָגעס... עס ווערנ אונדז געוויזנ די פעדימ, וואָס ציִענ זיכ דאָכ פונעמ יידישנ יעהופּעצ
צו קאסרילעווקע. אונ מעמיילע איז קיינ אָרט ניטאָ דאָ פאר די בריוועלעכ פונ שיינע־שיינדל,
וועלכע ווייַזנ פארקערט די פארפרעמדקייַט צווישנ אָט די ביידע מעקוימעס... ערשט ווענ
מיר לייענענ דורכ מענאכעמ־מענדלס בריוו ביזנ סאָפּ, זעענ מיר, ווי וויַיט ער איז נאָכ
ניט אינגאנצנ קיינ יעהופּעצער, קיינ גרויסשטעטיקער......“ (געקליבענע שריפטנ, ב. III, 95).
ווי בא די בורזשואזע קאָמענטאטערס פונ דאָנ־קיכאָטנ, איז אויכ בא ניגערנ אלזאָ פאראנ
א טענדענצ אָפּצושוואכנ דעמ אנטאָגאָניסטישנ באדייַט פונ די קלאסישע געשטאלטנ. אונ
צו דעמ צוועק טרייַבט איבער נ־גער סיַי די געפאלנקייַט פונ מענאָכעמ־מענדלענ אינ די
לעצטע סעריעס, אונ סיַי דעמ פּראָווינציִאלישקייַט־מאָמענט אינ דער דאַזיקער פיגור. גע־
וויס זייַנענ פאראנ אויכ בא מענאכעמ־מענדלענ, ווי געזאָגט, מאָמענטנ פונ אויסניכטערונג,
ווענ ער הויבט שוינ אָנ „בענקענ אזוי אהיימ, אז מאמעש עס גייט אימ אויס דער כיעס“
(לאָנדאָנ, 11־טער בריוו). עס איז אָבער כאראקטעריסטיש, אז אויכ דאנ וואָלט ער „גע־
לאָפנ אינ דער וועלט ארייַנ“, אונ ניט קיינ קאסרילעווקע, אונ אז זייַנ מויעכ זעט גלייַכ
אונ גלייַכצייטיק דעמ פאנטאָזיִ פונ נייַע געשעפטנ אונ נייַע „שפעגעליאציעס“. אינ אלגע־
מיינ אָבער איז דער קאָנטראסט פונ מענאכעמ־מענדלענ אונ שיינע־שיינדלענ אויסגעהאלטנ
ביזנ סאָפּ מיט א גוואלטיקער קראפט, ער קומט צומ אויסדרוק אפילע אינ דעמ, וואָס בע־
שאס מענאכעמ־מענדל „קנאקט אונ ברענט אונ פליט“, בלייַבט שיינע־שיינדל ניכטער אונ
קריטיש, אונ פארקערט, ווענ ער איז נידערגעשלאָגנ אונ געפאלנ בא זיכ, געפינט זי
ווערטער פונ טרייסט אונ ביטאָכנ. דער דאָזיקער אנטאָגאָניזם באשטימט די סטרוקטור פו־
נעמ ווערק, יענעמ שפיל פונ זייַנע אונ אירע בריוולעכ, ווו מענאכעמ־מענדלס ענטו־
זיִאסטישע באריכטנ באקומענ גלייַכ שיינע־שיינדלס ניכטערע אונ סקעפּטישע אָפּשאצונג.

עס קומט אויס זיכ צו באגעגענענ מיט דער מיינונג, אז די אייגנארטיקע בריוו־פאָרמ
פונעמ ווערק, אינ קעגנזאצ, לאָמיר זאָגנ, צו טעוויעס מאָנאָלאָג, דערקלערט זיכ דער־
מיט, וואָס דער בריוו פאסט מער צו דער אייַלנדיקער, האסטיקער, צעשויבערטער, צע־
טראָגענער נאטור פונ מענאכעמ־מענדלענ, בעשאס דעמ געלאסענעמ, לאנגזאמנ, באריירעוו־
דיקנ טעוויענ אנטשפּרעכט מער די מאָנאָלאָג־פאָרמ. עס איז אינ טאָכ א שטארק מעכאניס־
טישע דערקלערונג. פאראנ סעריעס אינעמ מענאכעמ־מענדל־ווערק „(עס פידלט ניט“,

„שלים־שלימאזל“) וואָס זײַנען שוין אין טאָג ניט קיין בריוו, נאָר גרויסע מאָנאָלאָגן נאָוועלעס פון מענאכעם־מענדלען. דאָס זײַנען, אגעוו, די לעצטע סעריעס אינעם בוך.—די געשטאלט אויך פון מענאכעם־מענדלען האָט אָן גרעסערע קינסטלערישע שוועריקײַטן געקאָנט ארויסגעבראכט ווערן אין דער פאָרם פון מאנאָלאָגן, די בריוו־פאָרם איז גיכער ארײַנגעבראכט געוואָרן ניט צוליב מענאכעם־מענדלען נאָר צוליב שיינע־שיינדלען, קעדיי צו קענען געבן א טייקעפדיקע און איבערצײַגנדיקע קריטיק פון מענאכעם־מענדלס מײַסים און געשעפטן. טאקע צוליב דעם ווערט שוין ניט אזוי נויטיק די בריוו־פאָרם אין די לעצטע סעריעס, וואָרעם דער וועזן פון דער מענאכעם־מענדל־געשטאלט איז שוין לאנג און קלאָר ארויסגעבראכט אפ דער העלער שײַן, און שאָלעם־אליי־כעם קאָן זיך שוין אָן גרעסערן שאָדן אָפּזאָגן פון די בריוו פון שיינע־שיינדלען,—מיט ענלעכע סיבעס דערקלערט זיך עפשער אויך די גרויסע פּאָפּולערקײַט פון דער בריוו־פאָרם אין די ראָמאנען פון דער אופקלערערישער בורזשואזער ליטעראטור אינעם 18־טן יאָר־הונדערט, און ביפראט הײַלן מיר דערמאָנען לאקלאָס „געפערלעכע פארבינדונגען“, א ווערק, וואָס איז דערשינען ערעוו דער רעוואָליוציע (1782), און געשטעלט זיך פאר א ציל צו דעמאסקירן די דעגענעראציע פון דער אריסטאָקראטיע, ארויסברענגענדעם גאנצן שמוץ פון איר עקזיסטענץ, ניט געקוקט אפ דעם אויסערלעכן גלאנץ און דער אויסערלעכער עלעגאנ־טער פאָרם.

## 11

באלזאק האָט געקעמפט פאר דער ראָליע פון דער פאנטאזיע, פון דער אויסטראכטעניש אינעם קונסט־ווערק, ער האָט אָבער גלײַכצײַטיק באקעמפט דעם אינגאנצן „פיקסיוון סיר־זשעט, וואָס איז ניט פארבונדן מער אַדער ווייניקער נאָענט מיט קיין שום רעאלקײַט“; ער האָט געקעמפט פאר דער אידייִשער אָנלאָדונג פונעם טיפ, פאר זײַן גרעסט־מעגלעכער פאראלגעמיינערונג־קראפט, אָבער גלײַכצײַטיק אָנגעוויזן, אז בלויז דאן באקומט דאָס ווערק א לאנגדויערדיקן ווערט, ווען ס׳איז באזירט „אפ פאקטן אָבסערווירטע, באנומענע, גענומענע אין ןעם רעאלן לעבן“. דאָס האָט אויסגעצייכנט געוווּסט אויך געטע, און דער „גרעסטער דײַטש“ (ענגעלס) האָט אונטערגעשטראָכן, אז „ווילסטו גיין צו דער אומ־ענדלעכקײַט, גיי בלויז אין אלע זײַטן פון דער ענדלעכקײַט“. קעדיי די אידיי זאָל ווערן פערסאָנאזש, מוז זי אויסוואקסן פון דער סאמע קאָנקרעטערווירקלעכקײַט, זי דארף „אליין פאר זיך ארויספליסן פון דער סיטואציע און האנדלונג“ (ענגעלס), די ווירקלעכ־קײַט דארף ניט מעכאניש צו איר צוגעקלעפט ווערן, ווי דאָס האָט געטאָן שילער, „בא וועמען די אינדיווידן ווערן פארוואנדלט אין איינפאכע הויכ־רעדער פונעם צײַט־גײַסט“ (מארקס).

אָטאָ די קאָנקרעטקײַט כאראקטעריזירט טאקע באלזאקס טיפּיזאציע־מעטאָד. די גרויס־קײַט פון באלזאקס טיפּיזאציע באשטייט טאקע אין דעם, וואָס דער טיפ איז בא אים ניט די פארקערפערונג פון אן אבסטראקטער, אייביקער קאטעגאָריע, פון אן אייביקן מענטש־לעכן פסיכאָלאָגישן שטריך, וואָס בײַט בלויז די אויסערלעכע קליידער אין זײַן וואנדלונג פון דאָר צו דאָר, נאָר א פּראָדוקט פון א באשטימטער סאָציאלער סוויווע מיט איר גאנ־צער קאָנקרעטער אייגנארטיקײַט. גאָריאָ איז ניט קיין איבערכאזערונג פון קעניג ליר—זײַן טראגעדיע איז מעגלעך און כאראקטעריסטיש בלויז פאר א פארוועניו אין דער קאַ־פיטאליסטישער געזעלשאפט. די גרויסע און מעכטיקע גאלעריי פון באלזאקס קארגע איז

ניט קיינ איבערכאַזערונג פונ די קאַרגע פונ א פלאַוטוס פונ דער אַנטיקער וועלט, פונ א מאָליער פונ דער פעאָדאַלער וועלט—עס איז קאַרגשאַפט פונ א באַשטימטער, היסטאָריש געגוי־באַשטימטער עפּאָכע, פונעם צײַט־אָפּשניט 1789־1848. אונ אויכ דאָ דיפערענצירט באַלזאַק אונ פירט ווײַטער די קאָנקרעטיזאַציע: גראַנדעס קאַרגשאַפט איז די פוריטאַנישע סאָכרישע קאַרגשאַפט, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער אורשפּרינגלעכער אָנזאַמלונג פונ קאַפּיטאַל, זי איז געצילט אפ געלט־אָנזאַמלונג צוליב האַנדל אונ געשעפט; די קאַרגשאַפט פונעם אַלטנ סעשאַר („פאַרלוירענע האָפענונגענ") איז פויעריש־באַלעגופיש, קלייניייגנטימעריש באַפאַרבט, אונ עס ליגט אפ איר אויסגעגאָסנ דער גאַנצער „אידיאָטיזמ פונעם דאָרפישנ לעבנ"; די קאַרגשאַפט פונ גאָבסעקנ איז די פּראָפעסיאָנעלע ליבע צו געלט פונ א פּראָצענטניק, וואָס וואַקסט אויס ביז מאַניע אונ מעשוגאַעס. ענלעכ האָט שאָלעמ־אַלייכעמ געשאַפנ א היפּשע גאַלעריע פונ מענאַכעמ־מענדלישע טיפּנ, זיי זײַנענ אָבער טאָמיד בא אימ דיפערענצירט אונ קאָנקרעטיזירט: זײַנ „מוצלעכ" פונ א „בעקאָוועדער פאַרנאָסע" איז אינ קעגנזאַצ צו מענאַכעמ־מענדל ניט קיינ פאַנטאַסט, נאָר סטאַמ א שלימאַזל; עליעס מענאַכעמ־מענדליזמ (מאָטל דעמ כאַזנס) טראָגט אַנ אויסגעשפּראָכענעמ פּראָווינציעלנ, קליינשטעטלדיקנ כאַראַקטער; פיניעס מענאַכעמ־מענדליזמ איז יעשיווע־באָכעריש, אינטעלעקטואַליסטיש; דער מענאַכעמ־מענדליזמ פונ לייווי מאָזגאָוויער ווערט איבערגעבראָכנ דורכ די שטריכנ פונ א יוסטנ באַלעבאָס, א שטעטלדיקנ טאַקיפ.

די מענאַכעמ־מענדל־טיפּיזאַציע איז דורכויס קאָנקרעט. מענאַכעמ־מענדל איז א פּראָדוקט פונ א באַשטימטער אונ קלאָר אָרומגעגרענעצטער היסטאָרישער עפּאָכע—1890־1914. ניט אומזיסט האָט שאָלעמ־אַלייכעמ אופגעכאַפּט די דאָזיקע דערשײַנונג גראָד איז די 90־קער יאָרנ—עס זײַנענ יאָרנ פונ שטורמישנ וווּקס פונעם קאַפּיטאַליזמ אינ רוסלאַנד אונ פונ אַלע זײַנע באַגלייט־דערשײַנונגענ—גרינדונג־פיבער, ספּעקוליאַציע אונ אַזשיאָטאַזש. עס איז גענוג צו דערמאָנענ, אַז 40 פּראָצ. פונ אַלע אונטערנעמונגענ, וואָס האָבנ עקזיסטירט אינ רוסלאַנד אינעמ יאָר 1899, זײַנענ אופגעקומענ אינ די 90־קער יאָרנ. אינ אָדעס, וואָס בויט זיכ אפּנ עקספּאָרט קיינ אויסלאַנד אונ ווו דער וואַליוטע־קורס האָט צוליב דעמ גאָר א באַזונדערע באַדײַטונג, פאַרוואַנדלט שאָלעמ־אַלייכעמ מענאַכעמ־מענדלענ אינ א וואַליוטע ספּעקוליאַנט, אינ קיִעוו, דאַקעגנ, איז ער א מעקלער פונ אימעניעס, צוקער־זאַוואָדנ אונ אַקציע־ספּעקוליאַנט. שילדערנדיק מענאַכעמ־מענדלענ ווי א פּראָווינציאַל אינ דער גרויס־שטאָט, איז שאָלעמ־אַלייכעמ ניט אויסנ בלויז דעמ קאָמיזמ־עפעקט פונ פּראָווינציעלער נאַיִווקײַט אונ לײַכט־גלויביקײַט—ער פיקסירט דאָ דעמ פּראָצעס פונ כאָרעוו ווערנ פונ די שטעטלעכ אינ גאַנג פונ דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג אונ דאָס ציִענ זיכ פונ גרויסע מאַסנ קליינבירגער אינ די גרויסע שטאָטישע צענטערנ. מיט גרויסער היסטאָרישער געטרײַשאַפט ווערט אײַנצײַטיק געשילדערט די מאָדערניזאַציע פונעם קליינבירגער, זײַנ אויסבײַטנ דעמ בעסמעדרעש אפ דער קאָר־שול, זײַנ אויסגעוואַקסענער אינטערעס צו דער פּאָליטיק, די מאָדערניזאַציע פונ זײַנ שטייגער אונ אפילע פונ זײַנ שפּראַכ. עס ווערט אײַנגעהיט אינ דער מענאַכעמ־מענדל־געשטאַלט די נאַציאָנאַלע פאָרמ פונעם פאַרמיטלערישנ טייל פונ דעמ יידישנ קליינבירגערטומ, וואָס קומט צומ אויסדרוק אינ מענאַכעמ־מענדלס קליינשטעטלדיקײַט, באַשטימטע שטריכנ פונ קאָנסערוואַטיזמ (אַשטייגער מענאַכעמ־מענדלס רעליגיִעזקייט), נאַציאָנאַליזמ, אינ דער נייגונג צומ האַנדל אונ ווײַכנ פונ פּראָדוקטיווער אַרבעט (אַלע פאַרנאָסעס פונ מענאַכעמ־מענדלענ טראָגנ א פאַרמיטלערישנ פּאַראַזיטישנ כאַראַקטער, אונ אפילע שרײַבערײַ ווערט דורכ אימ באַנומענ ווי א געשעפט).

אָטאָ די נאַציאָנאַלע פאָרמ שוואכט אָבער ניט אָפּ דעמ אלגעמיינעמ באַטײַט פונ דער מענאכעמ־מענדל־געשטאלט. די אילוזאָרישקײַט פונ דער קליינבירגערלעכער עקזיסטענצ ביכלאל גענומענ האָט דאפקע אפנ קאָנקרעטנ מאטעריאל פונ א ייִדישנ קליינעמ סויכערל באקומענ דעמ שטארקסטנ אויסדרוק. אכזאָריעסדיק צוזאמענגעקוועטשט אינ ענגנ שטעטל פונעמ „טכומ", פּאָליטיש רעכטלאָז אונ באגרענעצט אפּ שריט אונ טריט, אינעמ פרעס פונעמ קאפּיטאליזמ, מיט א שוידערלעכער יערושע פונ הונדערטער־יאָריקער פּאראזיטישער פארמיטלערישער עקזיסטענצ, דערצײַגנ אינ האכנאָע אונ באוווּנדערונג פאר די ראָטשילדס אונ בראָדסקיס,—האָט דער האנדל־וואנדלדיקער טייל פונעמ ייִדישנ קליינבירגערטומ פאָרגעשטעלט מיט זיך דעמ דאנקבארסטנ מאטעריאל פאר א קינסטלערישנ עטיוד וועגנ דעמ בורזשואזקײַט־עלעמענט אונ זעלבסט־אָפּנארערײַ אינעמ קליינבירגער ביכלאל גענומענ. ענלעך האָט באלזאק ווײַט ניט צופעליק די סאמע געלונגענע טיפּיזירונג פונ א מאָדערנעמ באנקיר באקומענ אינ דער געשטאלט פונ דעמ ייִד ניסאנזשענ.

די נאַציאָנאַלע פאָרמ האָט ניט אָפּגעשוואכט די פאראלגעמיינערנדיקע קראפט פונ דער מענאכעמ־מענדל־געשטאלט—פארקערט, זי האָט זי צוגעשפּיצט ביז צו דער גרעסטער מאַדרייגע פונ העלקײַט.

---

אזויארומ שטייט אינ צענטער פונ שאָלעמ־אלייכעמס פּאָעטיק, ענלעך ווי בא באלזאקנ, די כאראקטער־טיפּיזירונג, אונ אלע איבעריקע קונסט־מיטלענ זײַנענ איר אונטערגעוואָרפנ, פליסנ פונ איר ארויס אונ דינענ איר. די פארשיידענע טעאָרעטיקער פונעמ קאָמיזמ אונטערשיידנ כאראקטער־קאָמיזמ, ווענ דער כאראקטער פאר זיך איז צוליב די אָדער אנדערע סיבעס קאָמיש, סיטואַציע־קאָמיזמ דאנ, ווענ די סיטואַציע פאר זיך איז קאָמיש, אפילע ווענ די באטייליקטע פערסאָנאזשנ זײַנענ אבסאָליוט ניט קאָמיש (אשטייגער, ווענ טעוויע רעדט וועגנ זײַנ בעהיימע, אונ דער קאצעוו האָט אינ זינענ טעוויעס טאָכטער), וואָרט־קאָמיזמ (איבערכאזערונג פונ וואָרט, צווײדײַטיקײַט פונ וואָרט, וואָרט־שפּיל א.אז.וו.). ווי אלע גרויסע הומאָריסטנ, האָט שאָלעמ־אלייכעמ ברייט אויסגענוצט אלע די קאָמיזמ־מיטלענ (דער סיטואַציע־קאָמיזמ שפּילט צומ בײַשפּיל א גרויסע ראָליע אינ „מאָטל דעמ כאזנס", דער וואָרט־קאָמיזמ אינ „טעוויע דעמ מילכיקנ", אינ שיינע־שיינדלס בריוו) אונ אינ אלע דרײַ געביטנ פונעמ קאָמיזמ איז ער געווענ א זיכערער מײַסטער. דעמ סיטואַציע־קאָמיזמ האָט ער צומ בײַשפּיל ברייט אויסגענוצט באמ אויסבויענ דעמ סיוזשעט פונ זײַנע נאָוועלעס (מיר וועלנ דערמאָנענ בלויז דעמ „גנעס פונ „הוישײַנע־ראבע", „דעמ פארקישעפּטנ שנײַדער", דעמ „זעקס אונ זעכציק"), אונ וואָס איז שײַעך דעמ וואָרט־קאָמיזמ, איז שטארק פארשפּרייט די מיינונג, אז דאָס איז די אייגנטלעכע סטיכיע פונ שאָלעמ־אלייכעמס הומאָר, אז דאָ ליגט דער וויכטיקסטער אונ אָריגינעלסטער אונטערשייד פונ שאָלעמ־אלייכעמס הומאָר אינ פארגלײַך, לאָמיר זאָגנ, מיט טווענ, בא וועלכנ ס׳שפּילט אזא גרויסע ראָליע דער סיטואַציע־קאָמיזמ, אָדער גאָגאָלנ, וואָס איז דער גרעסטער כאראקטער־הומאָריסט אינ דער וועלט־ליטעראטור. אלע גרויסע הומאָריסטנ, דערינ אויך טווענ, זײַנענ אָבער געווענ פריִער פאר אלצ גרויסע כאראקטער־מײַסטער, אונ אויך די וויכטיקסטע אונ גרעסטע ווערק פונ שאָלעמ־אלייכעמענ זײַנענ גראָד מײַסטער־ווערק פונעמ כאראקטער־קאָמיזמ—מענאכעמ־מענדל, טעוויע, מאָטל דעמ כאזנס, שאָלעמ־אלייכעמס גרויסע קאָמעדיעס, די מערהײַט דערציילונגענ פונ שאָלעמ־אלייכעמס פערטנ מײַסטער־ווערק—פונ די „קסאָווימ פונ א קאָמי־וואָיאזשאָר"—זײַנענ אינ טאָכ געבויט אפּ דער כאראקטער־טיפּי־

זאציע. דאָס זעלביקע בילד וועט זיך באַקומען, ווען מע וועט זיך אופמערקזאַם צוקוקן צו שאָלעם־אַלייכעמס הונדערטער אַנדערע דערציילונגען. מענאַכעם־מענדל איז איינס פון די קאָמישסטע ווערק אין דער וועלט־ליטעראַטור, יעדע סיטואַציע, אין וועלכער מענאַכעם־מענדל פאַלט אַרײַן, איז קאָמיש, זי ווערט אָבער קאָמיש דורך מענאַכעם־מענדלען גופע, דורכן גרונט־קאָמיזם, וואָס איז באַזירט אַפ דער סטירע צווישן מענאַכעם־מענדלס פאַנטאַזיעס און דער אָביעקטיווער ווירקלעכקײַט. די זעלבשטענדיק קאָמישע סיטואַציע שפּילט דאָ א ניש־טיקע ראָליע, באַגענגט זיך אין טאָך זעלטן, און אויך דער וואָרט־קאָמיזם איז דאָ שטרענג אונטערגעוואָרפן דער פאַנאַנדערוויקלונג פונעם כאַראַקטער, ווערט שטאַרק געצאַמט און געגעבן מיט גרויסן קינסטלערישן טאַקט. אפילע די באַרימטע ליסטע פון כאַסאַנים איז אין טאָך א שעדעוור ניט אַזויפיל פונעם וואָרט־קאָמיזם, ווי פון כאַראַקטער־מאָלערײַ — מיט געציילטע ווערטער, מיט דער גרעסטער קאַרגשאַפט באַווײַזט דאָך שאָלעם־אַלייכעם געבן אן עסקיז פונעם כאַראַקטער פון יעדן כאָסן, און עס גייט פאַרבײַ פאַר אונדזערע אויגן א וווּנדערלעכער און אייגנאַרטיקער פאַראַד פונעם אַפּטייקער גאָלויעך, וואָס וויל דאַפקע א „ברענעטקע”, פונעם זון פון דעם „יויעץ בעסאָכאַרנע זאַוואָד”, מיט מאַמזער אויגן, וואָס וויל א שמאַלץ־גרוב, פונעם באָכער „מענאַגענן אַל האַבערזע”, פון געשטופּלטע קראַ־סאָוויצעס, פון וואָכערניצעס, פונעם מאַסקיל און ציִעניסט סאָקאָנעס־נעפאָשעס, פון פינף בסולעס, וואָס זיצן אין טאָמאַשפּאָל און וואַרטן אַפ א דאָקטער מיט א קאַבינעט און מעבל און דערפון זײַנען „דרײַ קראַסאַוויצעס און צוויי פאַסקודניצעס”... דאָ איז וווּנדערלעך און מײַסטערהאַפט ניט נאָר דאָס שפּילן אַפן מאָדערנעם אינהאַלט, וואָס ווערט אַרײַנגע־שטופּט אינעם אַלטפרענקישן שאַדכאָנישן געמיש פון לאָשן־קוידעש, רוסיש און יִידיש, נאָר פריִער פאַר אַלץ די פײַיִקײַט מיט צוויי־דרײַ שטריכן לעבעדיק מאַכן א גאַנצע, און אָפט קאָמפּליצירטע פיגור, און גלײַכצײַטיק אַרײַנפירן א גאַנצע גראָטעסקירטע מאַסנ־סצענע, אַן אייגנאַרטיקער פאַראַד פון דער יִידישער בורזשוּאַזיע, דערצו געגעבן אין דער סאַמע אָפּשטויסנדיקער פאָרם.

12

מיר האָבן פאַרצייכנט די מאַגיסטראַלע ליניעס, לויט וועלכע ס'האָט זיך באַוועגט שאָ־לעם־אַלייכעמס אַרבעט איבער מענאַכעם־מענדלען: א י ד י י ִ ש ע אָ נ ל אָ ד ו נ ג און אָ נ ־ ג ע ז ע ט י ק ט ק ײַ ט, ש ט ר ע ב ו נ ג צ ו ד ע ר מ א ק ס י מ א ל ע ר ק אָ נ צ ע נ ט ר א צ י ע, ק אָ נ ט ר א ס ט י ר ו נ ג, ה י ס ט אָ ר י ש ע ג ע ט ר ײַ ש א פ ט און ק אָ נ ק ר ע ט ק ײַ ט. דאָס בילד וואָלט געווען ניט פול, ווען מיר זאָלן כאָטש אין קורצע שטריכן ניט פאַרצייכענען יענע גרויסע, פלײַסיקע און גוט דורכגעטראַכטע אַרבעט, וואָס שאָלעם־אַלייכעם האָט דורכ־געפירט איבער די פאַרשיידנסטע דעטאַלן פון זײַן גרויסן ווערק. עס איז פאַרשפּרייט די מיינונג, ווײַזט אויס אין צוזאַמענהאַנג מיט דער באַקאַנטער לײַכטקײַט פונעם שרײַב־פּראָצעס בא שאָלעם־אַלייכעמען, אַז דער גרויסער הומאָריסט האָט ווייניק אָדער גאָרניט באַאַרבעט און געשליפן זײַנע ווערק. שאָלעם־אַלייכעם אַליין האָט אַלע מאָל ענערגיש פּראָטעסטירט קעגן אַזא מיינונג. אין א בריוו צו דינעזאָנען פונעם 9־טן יול 1913, אין צוזאַמענהאַנג מיט דינעזאָנס בריוולעכער קריטיק פון דער לעצטער סעריע פון מענאַכעם־מענדלען (געדרוקט אין „הײַנט”, 1913) און באַלמאַכשאָוועסעס אָנפאַלן (אויך אין א בריוו צו שאָלעם־אַלייכעמען) אַפן ראָמאַן דער „בלוטיקער שפּאַס”, שרײַבט שאָלעם־אַלייכעם מיט גרויס אופרעגונג, אַז „אַלע קרענק ביט אַלע שלעק מיטן קיצער־יאָמים, וואָס ער האָט,

קומט דאָס אים פונ שרײַבנ, נאָר ניט קוקנדיק אפ זײַנ פראָדוקטיווקײַט אונ אפ זײַנ לײַכטנ סטיל. אז איטלעכס קאפיטל פונעמ ראָמאנ, וואָס דער קלוגער באלמאכשאָוועס רופט עס אָנ טאנדעט, איז איבערגעארבעט געוואָרנ מינדעסטנס צענ מאָל—וועט דאָס זײַנ בא אימ אויכ א נײַס. אז מענאכעמ־מענדלס א בריוול ווערט איבערגעשריבנ אונ איבערגעלײַטערט מער ווי צענ מאָל, וועט דאָס זײַנ בא אײַכ א נײַס".

געוויס פילט זיכ אינ היפש זאכנ פונ שאָלעמ־אלייכעמענ דאָס אײַליקע אונ וויניק פארטיפטע שרײַבנ אפ דער באשטעלונג פונ דער בורזשואזער פרעסע, וואָס האָט נאָכ דערצו אפנ שענדלעכסטנ אויפנ עקספלואטירט דעמ גרויסנ ייִדישנ שרײַבער. שאָלעמ־אלייכעמ באשטעטיקט עס אלײנ אינ אײניקע בריוו. וועגנ דער אנטשטײיונג־געשיכטע פונ דער שטארק פלאכער הומאָרעסקע „דער יאָנטעוודיקער צימעס" דערציילט ער אלײנ אינ א בריוו פונעמ 10־טנ סענטיאבער 1904: „א שיינע מײַסע האָט פאסירט מיט דעמ „צימעס" געוועזנ איז דאָס נעכטנ פארנאכט שוינ, מע האָט שוינ געהאלטנ בא כסימעס־האגיליענ (שליסנ דעמ נומער מ. ע.), רופט זיכ אָפ צו מיר גינזבורג (דער רעדאקטער פונ דער צײַטונג „דער פרײַנט". מ. ע.): „ניטאָ קיינ יאָנטעוו־פעליעטאָנ אפ די ערשטע טעג סוקעס! א נו, פאניע שאָלעמ־אלייכעמ, פארקאטשעט די ארבל, באווײַזט א בעריעשאפט, איר האָט א שאָ צײַט. האָט גענומענ שאָלעמ־אלייכעמ. האָט פארקאטשעט די ארבל, אָפגעזעסנ א שאָ, אונ ס'איז ארויס א „צימעס". שאדע, וואָס נאָר א שאָ. איכ וואָלט באדארפט האָבנ כאָטש נאָכ א האלבע שאָ, וואָלט ער ארויס אביסל גרעסער אונ עפשער באטאמ־טער"... (ש. א. בוכ, ז. 203). אָבער גלײַכצײַטיק דארפ פארצייכנט ווערנ, אז אפ וויפל דאָס איז נאָר געוועזנ מעגלעכ, האָט שאָלעמ־אלייכעמ פלײַסיק געפײַלט זײַנע זאכנ, אונ ביפראט צו דער בוכ־אויסגאבע. אינ יאָר 1931 האָב איכ אפנ סמאכ פונ שאָלעמ־אלייכעמס בריוו צו זײַנ איבערזעצער אינ רוסיש, דר. פינוס, געקאָנט דאָקומענטירנ יענע גרויסע אונ טאָגטעגלעכע ארבעט, וואָס ש. א. האָט אינ מעשעכ פונ יאָרנ (1910־1913) געפירט באמ צוגרייטנ צומ דרוק אונ קאָנטראָלירנ די רוסישע אויסגאבעס פונ זײַנע ווערק („ש.א. אונ זײַנ איבערזעצער" מינסק, „צײַטשריפט" ב. 5). אונ א שלאל קינסטלערישע מי האָט ש. א. ארײַנגעלייגט אויכ באמ פעסטשטעלנ דעמ ענדגילטיקנ, קאנאָנישנ טעקסט פונ זײַנ גרעסטנ מײַסטער־ווערק, פונ „מענאכעמ־מענדלענ".

וואָרעמ דאָס מענאכעמ־מענדל־ווערק, ווי געזאָגט, איז געוואקסנ סטיכיש, 21 יאָר, זינט 1892 ביז 1913. אינעמ קאנאָנישנ טעקסט פונ מענאכעמ־מענדלענ זײַנענ ארײַנ 6 סעריעס, עס זײַנענ אָבער באקאנט, אויב ניט רעכענענ די שפעטערדיקע „הײַנט"־סעריע פונ 1913. אויב ווײַטער אראָפוּוארפנ די עפיזאָדישע דערשײַנונג פונ מענאכעמ־מענדלענ אינ „יאקנע־האָז", 1894, אונ די דראמאטיזירטע „אגענטנ"—ניט וויניקער פונ 13 סעריעס פונ מענאכעמ־מענדלענ, גרעסערע אונ קלענערע. אויב דאָס גאנצע בוכ האלט 58 בריוו אונ 2 גרעסערע בריוו־נאָוועלעס („עס פידלט ניט" אונ „שלימ־שלימאזל"), באשטייט די שפעטערדיקע „הײַנט"־סעריע פונעמ יאָר 1913 פונ 45 ריזיקע בריוו, אונ בלויז די דאָזיקע סעריע איז גרעסער פונעמ גאנצנ בוכ. די איינצעלנע עטאפנ פונעמ מענאכעמ־מענדל־ווערק זײַנענ:

1892—„לאָנדאָנ", געדרוקט אינ שאָלעמ־אלייכעמס „קאָל־מעוואסער" צו דער „ייִדישער פאָלקס־ביבליאָטעק".

1894—„יאקנעהאָז", בוכ־אויסגאבע".

1896—„פאפירלעכ", אינ ספעקטערס „הויז־פרײַנט", באנד 5.

1899-1900—„מיליאָנען״, אין קראָקעווער „יוד״. (1899—נומ. 21, 22, 24, 25; 1900—נומ. 1, 2, 3, 4, 5, 6).

1900—„וואָס טוט מען״, „בעכיפּאָזון״, „עס פידלט ניט״—אין „יוד״ (נומ. 13, 14, 36, 37, 38, 51, 52).

1901—„שלימ-שלימאזל״, „דרייפוס דער 2-טער״, אין „יוד״. (נומ. 1, 2, 3, 45, 46, 47).

1903—„די נייע פּארנאָסע״, „אדיע״, אין „פריינט״. (נומ. 1, 8, 15, 20, 26, 32, 220).

1903—„קיין אמעריקע״, אין דער ניו-יאָרקער „צוקונפט״. (נומ. 8).

1904—„א געבענטשט לאנד״, אין „פריינט״ (נומ. 1).

1905—„אגענטן״, אין „די יידישע צוקונפט״ (קראָקע, מיי-העפט).

1908—„פּארוואלגערטע בריוו״, אין „פריינט״ (238, 243).

1913—„בריוולעך פון מענאכעם-מענדלען צו שיינע-שיינדל זיין ווייב״ אין „היינט״ (45 בריוו).

אָטאָ די טאבעלקע ווייזט אונדז, אז נאָך אין 1904 באמערקט זיך א האפּסאָקע אין שאָלעם-אלייכעמס ארבעט איבער מענאכעם-מענדלען. דאָס, וואָס עס איז אונדז היינט באַקאנט פון דעם ווערק, דער סטערעאָטיפּער מענאכעם-מענדל, איז פארענדיקט געוואָרן אין גרונט—אָבער בלויז אין גרונט אין יאָר 1903. שוין אין נומער 220 פון דעם „פריינט״, 1903, באווייזט זיך א בריוו פון מענאכעם-מענדלען צו שאָלעם-אלייכעמען „אדיע״, מיטן כאראקטעריסטישן אונטערטיטל: „דער לעצטער בריוו פון מענאכעם-מענדלען״. מענאכעם-מענדל געזעגנט זיך מיט שאָלעם-אלייכעמען, קלאָגט, אז פון אלע זיינע פּארנאָסעס האָט זיך אויסגעלאָזט א טייך, און איז אים מודיע, אז ער פאָרט אָפּ אין „א געבענטשט לאנד״ אין אמעריקע. און דאָך איז עס ניט דער לעצטער בריוו פון מענאכעם-מענדלען: אין נומער 1 פון דעם „פריינט״ פון יאָר 1904 באווייזט זיך א בריוו פון מענאכעם-מענדלען צו שאָלעם-אלייכעמען—„א געבענטשט לאנד״, וווּ מענאכעם-מענדל באשרייבט זיינע ערשטע שריט אין אמעריקע. ס׳האָט געזאָלט זיין דער אָנהייב פון א נייער סעריע. ש. א. האָט, אלזאָ, געוואגט צו באשרייבן א סוויווע, וואָס זי איז אים דאן, 1904, געווען נאָך לאַכּלוטן ניט באקאנט (ש. א. איז דאָס ערשטע מאָל געקומען קיין אמעריקע אין אָקטיאבער 1906). ער האָט אָבער באלד רעזיגנירט פון דעם פּלאן פון אן אמעריקאנער סעריע פון מענאכעם-מענדלען, און מער פון דעם איין בריוו איז ניט דערשינען.

ס׳איז, אלזאָ, קלאָר, אז צום סאָף יאָר 1903 איז שוין שאָלעם-אלייכעם מיד פון זיין טומלדיקן העלד. ער איז איצט פארכאפּט פון זיינע צוויי אנדערע הויפּט-געשטאלטן: טעוויע, און זינט 1907—מאָטל דעם כאזנס. דער פּלאן פון א הומאָריסטישער שילדערונג פון דעם יידישן אמעריקאנער לעבן-שטייגער ווערט רעאליזירט ווערן ערשט אין דעם צווייטן טייל פון „מאָטל דעם כאזנס״. איך מיין, אז א באשטימטע ראָליע האָבן דאָ געוויס געשפּילט די רעוואָליוציע-יאָרן, וואָס האָבן ווייניק הארמאָנירט מיט דער מענאכעם-מענדל-טעמאטיק. די צוויי „פּארוואלגערטע בריוו״ אין „פריינט״ 1908 (238 און 243), זיינען, ווייזט אויס, אנטשטאנען אין פּראָצעס פון גרייטן די בוך-אויסגאבע פונעם ווערק (דערשינען אָנהייב 1910). ערשט אין יאָר 1913 נעמט זיך שאָלעם-אלייכעם ווידער מיט אימפּעט צו מענאכעם-מענדלען, און אינעם דערמאָנטן בריוו צו דינעזאָנען שרייבט שאָלעם-אלייכעם: „און דאָס וועט דאָך אוודע זיין בא אייך א נייס, אז דער איצטיקער „מענאכעם-מענדל״, וואָס דרוקט זיך אין „היינט״, איז ניט, שטעלט אייך פאָר אזוי, לעשעם גאזעט ווי לעשעם א ניי קאפּיטל אין בוך, וואָס הייסט „מענאכעם-מענדל״;—דאָס וועט זיין דער צווייטער

טאָם, ווי עס ווערט געשילדערט מענאַכעם-מענדל דער לופט־מענטש אין דעם געשטאַלט פון א פּאָליטיקער און קלאַל־טוער, און דאָ איז ער אויך דער זעלבער פליִער, דער זעלבער היצ־קאָפּ, דער זעלבער אידעאַליסט, און דערצו נאָך א הומאַניסט און א פּאַציפיסט און „א ייִד" און וואָס איר ווילט"...

גרייטנדיק די קאַנאָנישע אויסגאַבע פונעם יאָר 1910, האָט ש. א. דורכגעפירט א קאָלאָסאַלע אַרבעט. ער האָט אויסגעשלאָסן אָן ראַכמאָנעס א ריי שוואַכע סעריעס (אַשטייגער „וואָס טוט מען", „בעכיפאָזן", „אַדיע", „א געבענטשטס לאַנד") און אַפּילע אַזאַ בעפּיירעש אויסגעצייכנטע זאַך, ווי די צוקונפט-סעריע „קיין אַמעריקע" (זי פיגורירט, געקירצט און געענדערט, שוין אָן קיין שום שײַכעס צו מענאַכעם־מענדלען, אין דער יובילעום-אויסגאַבע פון שאָלעם־אַלייכעמס ווערק, באַנד III, אונטערן טיטל „אַן אַגענט"). ער האָט צונויפגעגאָסן אייניקע סעריעס, באַנוצנדיק זיי אויסשליסלעך ווי רוי־שטאָף, און שאַפנדיק אַזוי אַרום גאָר א נײַ ווערק. אַזוי, צ. ב. איז אַנטשטאַנען איינער פון די בעסטע טיילן פון דער קאַנאָנישער אויסגאַבע „עס פידלט ניט" (מענאַכעם־מענדל א שאַדכן). ס'איז ווי באַקאַנט דער בעסטער טייל פון דעם מענאַכעם־מענדל־ווערק, סײַ צוליבן טײַערן אַנעקדאָט מיט די צוויי מיידלעך, ווען ס'האָבן צונויפגעפּאָרט די שלימאַזלדיקע שאַדכאָנים, סײַ צוליב דער פּרעכטיקער ליסטע פון כאַסאַנים,—קוידעמקאָל אָבער צוליב דער גרויסער קאַרגשאַפט אין וואָרט, וואָס באַווײַזט אַזויפיל אינהאַלט, געשעענישן און טיפן אַרײַנפּרעסן אין די ענגע גרענעצן פון קוים איין דרוק־בויגן. מע באַשולדיקט שאָלעם־אַלייכעמען אין באַריידעוודיקײַט, אין נײַן מאָס רייד; אָבער ווען מע האָט באַדאַרפט, האָט ער פאַרשטאַנען קאַרגן מיטן וואָרט, מיט דינינקע שטריכן אַרומאָלן אַפּילע אַן אַנעקדאָט, אַזוי, אַז ער ווערט פאַרוואַנדלט אין א שטיל־שמייכלענדיקע אָנצוהערעניש. „עס פידלט ניט" פאַרמאָגט נעמלעך נאָך א טשוואָק, אַכוץ דעם אַנעקדאָט מיט די צוויי מיידלעך: ס'איז דער ווונק, אַז די קאַלע איז „א קאַפּעטשקע מעוּבּערעס".

אָבער שאָלעם־אַלייכעם האָט זיך גענוג געמאַטערט, ביז ער איז געקומען צו דעם אונדז באַקאַנטן שעדעוור. „עס פידלט ניט" (1900) איז געוואַקסן כאַאָטיש, ניט פאַרטראַכט באַלד דעם אָנהייב און דעם סאָף. דערפאַר באַשטייט דער ערשטער וואַריִאַנט פון „עס פידלט ניט" פון צוויי אומאָפּהענגיקע טיילן:

1) אין „וואָס טוט מען" ראַט שאָלעם־אַלייכעם מענאַכעם־מענדלען זיך נעמען צו שאַדכאָנעס. מענאַכעם־מענדל איז מאַסקים, דערווײַל אָבער קומט ער אָפּ פּייסעך אַהיים. נאָך יאָנטעוו רײַסט ער זיך אַרויס, קעדיי נעמען זיך צו זײַן נײַער פּאַרנאָסע. אין באַן באַגעגנט ער רעב אָשער דעם שאַדכן—די וויכטיקסטע שטריכן פון מענאַכעם־מענדלס ליגנערישן און באַרימערישן שוטעפּ זײַנען שוין דאָ, מער ניט צעשמירט, צעקראָכן. זיי פירן צונויפּ צוויי מיידלעך, און פאָרן אַוועק מיט בעזיוינעס. די סצענע, ווי רעב אָשער דערוויסט זיך, אַז אויך מענאַכעם־מענדל האָט א מיידל, איז שוין אַריבער אין די שפּעטערדיקע אויסגאַבעס קימאַט אָן ענדערונגען. זי איז, אַלזאָ, שוין דאָ פאַראַן אין איר קלאַסישער געשטאַלט. ס'פעלט נאָך דאָקעגן די פּרעכטיקע געשטאַלט פון דער מעגושעמדיקער קאַלע אין דעם מעשונעדיקן קאַפּאָט.

2) מענאַכעם־מענדל געפינט אין זײַן אַכסאַניע דאָס פּעקל קסאָווים, וואָס א שאַדכן האָט איבערגעלאָזן, מיט די באַקאַנטע הומאָרפולע כאַראַקטעריסטיקעס (כאָטש אין די שפּעטערדיקע אויסגאַבעס זײַנען זיי אַסאַך בעסער, ניט אַזוי איינטאָניק). ער פירט אויס א שידעך פון פּערעלע די דאַמע מיט אַן אַפּעריסט, וואָס האָט שוין דערצו א ווײַב.—

א שטארק צעצויגענער און צעפלאָסענער עפּיזאָד. ווײַזט אויס, אז שוין נאָכן ערשטן טייל איז בא שאָלעם־אלייכעמען געבוירן געוואָרן דער טײַערער אײַנפאַל מיט דער ליסטע כאסאנים, און ס'איז אזוי ארום אויסגעוואקסן דער עפּיזאָד מיט פּערעלע דער דאמע (וואָס פיגורירט, ווי באקאנט, אין „יאָסעלע סאָלאָוויי"). שפּעטער האָט שאָלעם־אלייכעם צוזאַמענגעגאָסן ביידע טיילן, שטארק זיי געפײַלט און געשליפן, און אזוי איז אנטשטאנען „עס פידלט ניט".

אָבער אויך אין די סעריעס, וואָס זײַנען געבליבן אָן גרעסערע און וועזנטלעכע ענדערונגען, האָט ש. א. דורכגעפירט א גרינטלעכע רעוויזיע, געענדערט אפילע איינצלנע אויסדרוקן, ארײַנגעשריבן אָפּט און צוגעגעבן גאנצע שטיקער. מיר האָבן שוין דערמאָנט, אז צו דער סעריע, „א בעקאָוועדע פּארנאָסע" האָט שאָלעם־אלייכעם צוגעשריבן צוויי בריוו, יענע, וואָס זײַנען אָפּגעדרוקט געוואָרן אין „פרײַנט" 1908, און דאָ געפינען מיר צ. ב. דעם פּרעכטיקן פּאָרטרעט פונעם שלימאזל. (7-טער בריוו). פארגלײַכן מיר ווידער „לאָנדאָן" פון דער קאנאָנישער אויסגאבע מיטן ערשטן ווארִיאנט פון יאָר 1892, זעען מיר אויך דאָ אפ שריט און טריט א ביז גאָר פלײַסיקע ארבעט: ש. א. האָט צ. ב. ארײַנגעשריבן די גאנצע מײַסע, ווי מענאכעם-מענדל קומט צום פעטער מענאשע אָפּנעמען דעם נאדאן, און א כוץ א נײַעם אויסגעצייכנטן עפּיזאָד, איז די געשטאלט נאָך מער קאָנקרעטיזירט געוואָרן, עס איז געוויזן געוואָרן מענאכעם־מענדלס „פּאָוגעשיכטע". עס פעלט נאָך אינגאנצן אין דעם ערשטן ווארִיאנט די שפּעטער אזוי בארימט־געוואָרענע פאָרמולע „און מאכמעס איך האָב קיין צײַט ניט, מאך איך דאָס בעקיצער". עס פעלן די בארימטע „איקאָר־שאָכאכטי", וואָס גיבן אזא פײַנע קינסטלערישע דעטאל צו מענאכעם־מענדלס בעהאָלע און צעטראָגנקײַט (פאראן, אגעוו, אן „איקאָר־שאָכאכטי", ווו די צעטראָגנקײַט דערגייט שוין צו אזא מאדרייגע, אז מענאכעם־מענדל פ א ר ג ע ס ט שוין אפילע ד אָ ס, וואָס ער האָט זיך ד ע ר מ אָ נ ט, אז ער האָט פ א ר ג ע ס נ: „איקאָר־שאָכאכטי". איך האָב אײַנזינען געהאט דיר שרײַבן עפּעס זייער א נויטיקס, האָב איך פארגעסן וואָס. לאָז איך שוין מירצעשעם אפּן צווייטן מאָל". „מיליאָנען", בריוו נומ. 19). עס ווערן פארברייטערט שיינע־שיינדלס בריוו, און דאָ איז קעדיי צו פארצייכענען, אז אין דער ערשטער סעריע „לאָנדאָן" פון 1892 פיגורירט נאָך ניט דער ד ר י ט ע ר העלד פונעם ווערק, די מאמע מיט אירע בארימטע ווערטלעך. צום ערשטן מאָל באווײַזט זי זיך אין דער דראמע „יאקנעהאָז" (1894), און אין שיינע־שיינדלס בריוו, וואָס מענאכעם־מענדל לייענט בא פייפערן אין קאנטאָר, געפינט זיך שוין אזא מין אבזאצ: „אוי, די מאמע מײַנע איז טאקע א כאַכאָמע. הערסטו, טאָכטער מײַנע, געטרײַע, פלעגט זי מיר זאָגן באלד נאָך דער כאסענע, עפּעס געפעלט מיר ניט דאָס מאנעכל דײַנס, דאָס באשטענדיקע קוצעניר־מוצעניו זײַנס מיט דיר, ווי זאָגט מען: זײַ מיר ניט צו זיס, איך זאָל דיך ניט אײַנשלינגען; זײַ מיר ניט צו ביטער, איך זאָל דיך ניט אויסשפײַען"... דאָס איז אלץ. אָבער שוין אין דער זעקסטער סעריע, אין די „פּאפּירלעך" פון יאָר 1896, האָט שאָלעם־אלייכעם זיך צוגעכאפּט, ווי צו אן עוונטויוו, צו אָט דעם פּראכטפולן געשטאלט, און זי ברייט אויסגעבויט. דאָ האלט שוין די מאמע, אכוץ ווערטלעך, אפילע א גאנצן מאָנאָלאָג: „א מאן—זאָגט זי—טאָר מען ניט אָפּלאָזן אפ קיין מינוט, דען—זאָגט זי—אז דער טעסער זיצט אפ די שפּענער, זײַנען די שפּענער שפּענער... איך האָב, זאָגט זי, פריִער געוווּסט, אז קיין גוטער סאָף וועט דערפון ניט ארויס; א געלט־שירעך, זאָגט זי, האָט זיך מיר פארגלוסט, ווי זאָגט מען: כאזער, האָסט געלט? זײַ מײַן מעכוטן! א שמאלץ־גרוב, זאָגט זי, די שמאלץ רינט אויס,

די גרוב בלײַבט איבער. בריוועלעך, זאָגט זי, וואָלט איך אים געשריבן? פון קאדאָכעס וואָלט איך אים געשריבן. ווער ס'פארשטייט ניט אפן ווונק, זאָגט זי, דעם גיט מען מיטן שטעקן. איך וואָלט אים, זאָגט זי, אפּ א בעזים אראָפּגעבראכט אהיים, אפּ א קאָטשערע!"

מערקווירדיק איז, וואָס כאָטש די שוויגער ווערט קעסיידער געגעבן אין פּראָפיל, פון דער זײַט, אין אירע ווערטלעך און יענע קורצע אָפּגעהאקטע באמערקונגען, וואָס ווערן ווי אומגערירט פארטראָגן אין שיינע־שיינדלס בריוו וואקסט זי דאָך אויס אין א בוילעטע און קאָנטיקע געשטאלט, און גיך ווערט זי פארוואנדלט אין די וויכטיקסטע אטראקציע פון שיינע־שיינדלס בריוו.

עס לוינט אויך צו פארצייכענען, אז אינעם ערשטן ווארִיאַנט פון „לאָנדאָן" פעלט נאָך דער בארימטער רעפרען אין מענאכעם־מענדלס בריוו „און איך אויך בעסויכאָם", וואָס שפּיגלט אָפּ זײַן סטאדע־געפיל, אומבאהאָלפנקײַט אין דער גרויסער שטאָט און דאָס נאָכלויפן און נאָכמאַכן אנדערע. ביכלאל האָט שאָלעם־אליכעם גרינטלעך פארבערייטערט די בריוו סײַ פון מענאכעם־מענדלען, סײַ פון שיינע־שיינדלען, און מיט אויסגעצייכנטן קינסטלערישן כוש געענדערט אפילע קליינע דעטאלן. אזוי צום בײַשפּיל, לייענען מיר אין „לאָנדאָן" 1892:

„און וואָס דו שרײַבסט מיר מעקויעך א מענטעלע, בין איך דיר מוידיע, אז איך האָב דיר געקויפט עפּעס בעסערס, הײַנע א זייגערל מיט א קייטל און א פּאָר בראנזעליעטן פּרימא־טכוירע, וואָס מע זעט דאָס ניט בא אײַך!"

אינעם שפּעטערדיקן קאנאָנישן טעקסט לייענען מיר דאקעגן:

„און וואָס דו שרײַבסט מיר מעקויעך א מענטעלע, אז איך זאָל דיר קויפן, האָב איך פון דײַנעטוועגן, זוגאָסי האיעקאָרא, בעסער אויסגעקוקט א שענערע זאך, דעהײַנע: א זייגערל, א גילדנס מיט א מענדעליאָן און מיט א גילדן קייטל און מיט א בראָש, און בראנזעליעטן האָב איך געזען אין פענצטער, טאקע ניט ווײַט פון פראנקאָניען — זאָג איך דיר, פּרימא שעבע־פּרִימא!" אין דעם ערשטן ווארִיאַנט האָט עס מענאכעם־מענדל טאקע געקויפט, אין דעם לעצטן נוסעך בלויז אויסגעקוקט אין פענצטער. קלאָר, אז דער לעצטער נוסעך איז אָן א פארגלײַך שארפער און בעסער, ער אנטשפּרעכט מער צו דער אלגעמיינער קאָנצעפּציע פון מענאכעם־מענדלען, שפּיגלט בעסער אָפּ די ארבעט פון זײַן פאנטאזיע און גלײַך קומט טאקע א צערייצטער ענטפער פון שיינע־שיינדלען:

„גילדערנע זייגערלעך מיט בראנזליעטן האָסטו דערזען אין פענצטער אין אָדעס? א געדולע אפּ דער באָבע! וואָס טויגן מיר דײַנע מאטאָנעס, מענדל, וואָס דו זעסט זיי דורכן פענצטער? ווי זאָגט די מאמע, זאָל לעבן: קרעפּלעך אין כאָלעם איז ניט קיין קרעפּלעך, נאָר א כאָלעם"...

אינטערעסאנט איז אָבער, אז אין דעם לעצטן בריוו פון מענאכעם־מענדלען (נומ. 11), האָט שאָלעם־אליכעם ניט באמערקט און איבערגעלאָזן דעם אלטן נוסעך: „איך האָב אוועקגעגעבן דאָס גאנצע פארדינסט, מיטן קערן, מיטן צירונג, וואָס איך האָב דיר אײַנגעקויפט"...

שאָלעם־אליכעמס גרעסטער אופטו באַם צוגרייטן די בוך־אויסגאבע פון מענאכעם־מענדלען באשטייט אָבער אין דעם, וואָס ער האָט ווירקלעך געשאפן דעם ענדגילטיקן, בעסטן, בעעמעס קאנאָנישן נוסעך פונעם ווערק. צום פארגלײַך וועלן מיר דערמאָנען, אז כאָטש פּערעץ האָט קעסיידער, זינט סאָף 1902 ביז 1914, געארבעט אפּ דער „גאָלדע־בער קייט" און ניט ווייניקער ווי פינף מאָל זי איבערגעארבעט, פארמאָגן מיר נאָך אלץ

ניט קיין קאַנאָנישן טעקסט פון אָט דער וויכטיקסטער דראמע פּערעצעס, און דער לעצטער, דער פינפטער ווארִיאנט פון דער דראמע פון די יאָרן 1913-1912 איז אסאך ערגער פונעם פערטן (געדרוקט 1910). דער ווּיסנשאפטלעכער ארויסגעבער פון דער „גאָלדענער קייט" וועט שטיין פאר א שווערער אויפגאבע, און ער וועט זיך, ווײַזט אויס, מוזן אנטשליסן לייגן אין גרונט דעם פערטן ווארִיאנט, אָבער גלײַכצײַטיק ארײַנפלעכטן אייניקע בעסערע ווארִיאנטירונגען פונעם פינפטן טעקסט (אשטייגער, פינכאָסעס פארברייטערטן מאָנאָלאָג), אויב ער וויל ווירקלעך געבן דעם בעסטן און קינסטלערישסטן נוסעך פון דער דראמע. פּערעצעס אלץ נײַע ווארִיאנטן פון דער „גאָלדענער קייט" נעמען זיך טאקע פון דער אומעגלעכקײַט צו געבן א קאַנאָנישן טעקסט, פון דער אומקלאָרקײַט פון דער אידיי פון דער דראמע פאר פּערעצן גופע, זיי שפּיגלען אָפּ פּערעצעס אידייִישע צערודערונג און צעפאָרנקײַט, אין דער צייט, ווען שאָלעם-אליי‌כעמס ווארִיאנטן נעמען זיך פון דער אויסגעוואקסענער קלאָרקײַט און העלקײַט פון דער אידיי פונעם ווערק אין פּראָצעס פון דער לאנגיאָריקער עקזיסטענץ פון מענאכעם-מענדלען, וואָס צווינגט אנטשפּרעכנדיק פארטיפן און דערהויבן די פריִערדיקע ווארִיאנטן.

דאָס מענאכעם-מענדל-ווערק איז ניט נאָר זעקס אָפּגעקליבענע בעסטע און אויסגעבעסערטע סעריעס—עס איז אויך א פולקאָם געשלאָסן ווערק מיט א פעסטער און גוט דורכגעטראכטער אינעווייניקסטער סטרוקטור. עס איז פארשפּרייט גראָד א פארקערטע מיינונג, לויט וועלכער דאָס מענאכעם-מענדל-ווערק איז אן אריטמעטישע סומע פון א ריי סעריעס, וואָס וואָלט געקאָנט נאָך פארברייטערט ווערן אָדער פארקערט געקירצט ווערן. דאָס איז אָבער אינגאנצן ניט ריכטיק. דאָס מענאכעם-מענדל-ווערק פארמאָגט (אין דער קאַנאָנישער פאָרם) א פעסטע אינעווייניקסטע קאָמפּאָזיציע, וואָס דרינגט אדורך סײַ די סטרוקטור פון די איינצלנע סעריעס, סײַ דאָס ווערק ווי א גאנצקײַט, א קאָמפּאָזיציע א שטאַרק בויגעווודיקע מיטן ציל צו געבן אן אויסשעפּנדיק בילד פון דעם העלד און גלײַכצײַטיק אויסצומײַדן די געפאר פון מאָנאָטאָנער איבערכאַזערונג.

און קוקן מיר זיך צו אופמערקזאמער צו דער סטרוקטור פונעם ווערק, איז לײַכט צו באמערקן, אז די ערשטע צוויי סעריעס („לאָנדאָן" און „פּאפּירלעך") זײַנען געבויט אָפּ איין שניט און באשטייען אפילו פון דער זעלביקער צאָל בריוולעך (12). זיי זײַנען געבויט אָפּן פּרינציפּ פון קעסיידערדיקן אָנוווּקס פון מענאכעם-מענדלס האָפערדיקײַט, עס שטײַגט פון בריוו צו בריוו די טעמפּעראטור פון מענאכעם-מענדלס באריכטן וועגן זײַנע געשעפטן, עס שטײַגט זײַן היצ. נעמען מיר צ. ב. „פּאפּירלעך", באקומט זיך אזא מין שטײַגנדיקע ליניע פון מענאכעם-מענדלס „היצ":

בריוו נום. 1: „דער אויבערשטער האָט ראכמאָנעס געהאט, פּאפּירלעך האָבן זיך א הויב געטאָן, און איך האָב מײַן פּרעמיע פארקויפט מיט רעוואָכים"... מענאכעם-מענדל—אזוי ווי ער וואָלט נאָך ניט געגלויבט אין זײַן גליק, דער טאָן איז נאָך ניט א זיכערער, א האכנאָעדיקער („דער אויבערשטער האָט ראכמאָנעס געהאט"), עס פילט זיך נאָך דער נעכטיקער גרויסער דורכפאל.

אין דעם נעקסטן בריוו נום. 3, איז שוין דער טאָן פעסטער: „יידן פארדינען געלט און איך אויך בעסויכאָם", אָבער דער פארדינסט ווערט נאָך פארבונדן מיט דער פארופונג אָפּן קלאל („און איך אויך בעסויכאָם").

אינעם ווײַטערדיקן בריוו, נום. 5, שוין אבסאָליוטע זיכערקײַט אין זיך און דאָס אק-

צענטירן די אייגענע גרויסקײַט: „וועהאַשייניס, זײַ וויסן, אַז איך גיי שוין קיין וואַרשע"...

דער ד־טער בריוו איז דער הויכ־פונקט, די זיכערקײַט גייט שוין אריבער אין שיק־רעס, אין קאָפּ־שווינדל: „וועהאַשייניס, זײַ וויסן, אַז איך קנאַק און פלי, איך ברען, איך שפרינג אין פײַער, איך וואַקס, איך וואַקס"!

אפן 11־טן בריוו אין ביידע סעריעס קומט דער בראָך, די קאַטאַסטראָפּע.

די דריטע סעריע „מיליאָנען" איז שוין אַנדערש געבויט. זי שטייט אין צענטער פון גאַנצן ווערק און איז די גרעסטע לויט דער צאָל בריוו (24). נאָכגיין די פאָרם פון „לאָנ־דאָנ" און „פּאַפּירלעך" וואָלט באַדײַט אַ באַשטימטע געפאַר פון קאָמפּאָזיציאָנעלער איבער־כאַזערונג און מאָנאָטאָניע. די סעריע איז געבויט אף אַן אַנדער פּרינציפּ: ק ע ס י י ד ע ר־ד י ק ע ר ר י ט מ י ש ע ר ש ט ײַ ג ן א ו ן פ א ל ן. מענאַכעם־מענדל וואַרפט זיך פון איין גע־שעפט צום צווייטן, און לײַדט טייקעף אַ מאַפּאָלע. אף יעדן געשעפט קומען געוויינטלעך צוויי (אַמאָל דרײַ) בריוולעך—דער ערשטער פול מיט היספּײַלעס,—דער צווייטער—קלאָגע־נישן און אויסניכטערונג. די קאָמפּאָזיציע־ליניע גייט דאָ אַזוי:

בריוו נום. 1: „וועהאַשייניס, זײַ וויסן, אַז איך בין שוין אויס שפּעגעליאַנס... איך האָב מיך באַצײַטנס אַרומגעקוקט, און כ'האָב מיך אַ וואָרף געטאָן אף אַן אַנדער פּאַר־נאָסע, אַ בעקאָוועדע פּאַרנאָסע, הײַנע, איך בין איצט געוואָרן אַ מעקלער"...

בריוו נום. 5: „וועהאַשייניס, זײַ וויסן, אַז דו האָסט געטראָפן. דער צוקער־געשעפט איז פאַר מיר טאַקע קיין געשעפט נישט... מיט גאָטס הילף איך האָב איצט אַ געשעפט אין די הענט, ווייס איך, אַז ס'איז אַ געשעפט, הײַנע: איך גיי אַרום געלט, איך מאַך האַלוואָעס"..

בריוו נום. 7: „וועהאַשייניס, זײַ וויסן, אַז דאָס געלט־געשעפט איז אַ קאַבצאָנישער אייסעק... האַקלאַל, איך האָב אַ שפּײַ געטאָן אף דעם געלט-געשעפט און כ'האָב מיך גע־נומען צו הײַזער"...

בריוו נום. 9: „וועהאַשייניס זײַ וויסן, אַז דאָס געשעפט פון הײַזער איז בלאָטע. איך האָב מיך באַצײַטנס אַ נעם געטאָן צו אַנדערע מיסכאָרים, צו אימעניעס"...

בריוו נום. 13: „וועהאַשייניס, זײַ וויסן, אַז איך האַנדל שוין אַצינד נאָר מיט וואַלד, וואָרעם אַ אימעניע אָן אַ וואַלד איז ווי אַ שטוב אָן אַ קוימען"...

בריוו נום. 15: „וועהאַשייניס, זײַ וויסן, אַז פונעם וואַלד האָט זיך אויסגעלאָזט אַ סטעפּ.. וואָס־זשע האָב איך געטאָן? האָב איך מיך באַצײַטנס אַ נעם געטאָן צו אַן אַנדער געשעפט, צו זאַוואָדלעך..."

אין דער פערטער סעריע אַ „בעקאָוועדע פּאַרנאָסע" כאַזערט זיך ווידער איבער דער קאָמפּאָזיציע־פּרינציפּ פון „לאָנדאָנ" און „פּאַפּירלעך", ד. ה. דער פּרינציפּ פונעם קעסיי־דערדיקן אָנוווקס, און דאָס ריטמישע שטײַגן און פאַלן ווי אין „מיליאָנען". ער איז דאָ דורכויס באַרעכטיקט נאָך יענער קאָמפּאָזיציע־ענדערונג, וואָס ס'האָט געגעבן די סעריע „מיליאָנען":

בריוו נום. 1: „איך בין געוואָרן לעמאַזל אַ שרײַבער. איך שרײַב! ווע סטו דאָך מיס־טאָמע פרעגן, ווי קום איך צו שרײַבערײַ? ס'איז מין האַשאָמאַים". עס איז אַ פּאַראַלעל צו „דער אויבערשטער האָט ראַכמאָנעס געהאַט" פון דעם אָנהייב פון „פּאַפּירלעך".

בריוו נום. 3 איז פעסטער און זיכערער אין טאָן: „וועהאַשייניס, הײַנע זײַ וויסן, אַז עס וועט מירצעשעם זײַן רעכט..." דער „מירצעשעם" ווײַזט אָבער נאָך ניט אף אַן אַבסאָ־ליוטער זיכערקײַט.

בריוו נום. 5 איז נאָך זיכערער: „וועהאשיינים זײַ וויסן, אז איך האָב שוין אויסגעשריבן צוויי פלעשער טינט, איך האלט שוין באַם דריטן...״

א ווײַטערדיקן אָנוווּקס ברענגט בריוו נום. 7; „וועהאשיינים זײַ וויסן, אז איך בין שוין מיט דער באלעבאָסטע פארטיק און איך האָב מיך גענומען צו די אָרכים פון דער אכסאניע״...

אין בריוו נום. 9 קומט דער קראך: „וועהאשיינים, זײַ וויסן, אז דײַן בריוו איז געווען פאר מיר ווי א פיסטויל אין הארצן... איך האָב אלץ געמיינט אָט אָט. אזויפיל פאפיר און טינט אויסגענוצט, אזויפיל שיינע זאכן אויסגעטראכט, אָפגעשריבן זיך אלע פינגער—און די רעדאקציע זאָל עס מיר אפילע ענטפערן... ערגער קאָן שוין ניט זײַן...״

אין די לעצטע צוויי סעריעס, „עס פידלט ניט״ און „שלים־שלימאזל״ ווארפט שוין אָפּ שאָלעם־אליכעם אינגאנצן די פריִערדיקע קאָמפּאָזיציע־פּרינציפּן, זאָגט זיך אָפּ פון דער פאָרם פון טאָפּעלטע בריוו, עס פארשווינדן שוין אינגאנצן שיינע־שיינדלס בריוו און די לעצטע צוויי סעריעס זײַנען פאקטיש צוויי גרויסע נאָוועלעס־מאָנאָלאָגן אין דער פאָרם פון איינציקע גרויסע בריוו פון מענאכעם־מענדל. מיט אן אויסגעצייכנטן קינסטלערישן כוש האָט שאָלעם־אליכעם דערפילט, אז די פריִערדיקע־קאָמפּאָזיציע־ראַם ווערט שוין מאָנאָטאָן, שאבלאָן־ארטיק, און אז ביפראט איז עס נעגייע שיינע־שיינדלס בריוו. וואָרעם, אויב אין מענאכעם־מענדלס בריוו בײַטן זיך מיט זײַנע געשעפטן די פאבולע, די טיפּן, די סוויווע, זײַנען דאָך שיינע־שיינדלס בריוו בלויז גלײַכמעסיקע. קעסיידער די זעלביקע אָפּקלאנגען פון זײַנע מײַסים אין דער שטייענדיקער בלאָטע פון קאסרילעווקע. אין שיינע־שיינדלס בריוו איז גיכער צום אויסדרוק געקומען דאָס שטײַפּ ווערן, דער אָנהויב פון דער שטאמפּירונג פונעם מענאכעם־מענדל־פורעם. און זייערע אידיישע ציל־אײַנשטעלונג—די קריטיק און די דעמאסקירונג פון דער איליוזאָרישער וועלט פון מענאכעם־מענדלס געשעפטן—האָבן שיינע־שיינדלס בריוו שוין אויסשעפנדיק אויסגעפירט אין די פריִערדיקע סעריעס.

אזוי ארום האָט שאָלעם־אליכעם געשאפן מיט גרויסן קינסטלערישן טאקט און געשמאק א פעסטע און גלײַכצײַטיק בויגעוודיקע, רײַכע און ווארייִרטע קאָמפּאָזיציע־ראַם פאר זײַן ווערק.

... אָט אזוי איז אנטשטאנען שאָלעם־אליכעמס גענִיאלע ווערק, דאָס גרעסטע ווערק פון דער פאראָקטיאבערישער יִדישער ליטעראטור און איינס פון די בעסטע ווערק אין דער וועלט־ליטעראטור.

קִיעוו, יאנוואר־אפּרעל 1935 י.

סערעבריאני

# מיט דער אייגענער שטימ

(מ. טייפ.—„פראָלעטארקע, שוועסטער מײַנע". נאָוועלע, מ. פ. ו. 1935)

וועגן דעמ דאָזיקן בוך איז באזונדערס שווער צו ריידן אָפּגעטיילט פונעמ אווטערס שאפן. די פּאָעמע־נאָוועלע קאָן ערשט דעמאָלט קלאָר ווערן אין איר גאנצער זעלבסטשטענדיקער קאָנקרעטקײַט, ווען מע וועט זיך דערמאָנען דעמ דיכטערס פונ פריִער־אָנגעמערקטע שאפונג־ליניעס.

שוין אין זײַנ פריִערדיקן שאפן האָבן זיך בא טייפן אויסגעטיילט א ריי כאראקטעריסטישע גרונט־שטריכן: ערשטנס, די סאָציִאלע ציל־געווענדטקײַט, דער אויסגעשפראָכענער פובליציסטיש־סאטירישער טעמפּעראמענט; צווייטנס, די רײַכע פאנטאזיע און איניציִאטיוו פונ אידיי און וואָרט. א פאנטאזיע, וועלכע שטיצט זיך אפ דער רעאלער ווירקלעכקײַט און איז אָרגאניש מיט איר פארבונדן; דריטנס, די איבערדיכטונג פונ דעמ האָרעפּאשנעמ פאָלקלאָר, וועלכער דינט שטענדיק בא אימ, ווי א מיטל צו אויסדריקן אקטועלע דערשײַנונגען און פּראָבלעמעס.

„פּראָלעטארקע, שוועסטער מײַנע", איז א סענטימענטאלע, האָרעפּאשנע פאָלקס־ליד. דער דיכטער האָט דאָ, ווי זײַן שטייגער איז, גענומען אָט די ליד, ווי זי שטייט און גייט, מיט איר גרונט־שטימונג פונ דער „געוואלצענער טרער, וואָס שטעכט אין גאָרגל", מיט דעמ צענטראלן העלד פונ די „געיאָגטע און געפּלאָגטע" און עס איבערגעדיכטעט אין א ראָמאנטיש־פאנטאסטישער און סענטימענטאל־אינטימער פּאָעמע.

אין פּרינציפּיעלן און פאָרמעלן זין זײַנען דאָ קימאט ניט פאָרגעקומען קיינע נײַסן, אין פארגלײַך מיט דעמ, וואָס טייפ האָט אונדז שוין געגעבן. עס זײַנען דאָ א ריי איבערכאזורונגען: די פיגורן פונ די סאָוועטישע פרויען אין דער נאָוועלע (באזונדערס, די וועבערן און אינזשעניערן) דערמאָנען זייער די שוין אמאָל געשילדערטע ארבעטער־פרויען אין טייפס שאפונגען, — אין דער פּאָעמע „וויאלאָנטשעל" און אנד.; דער אלגעמיינער אויסטערלישער, רעאל־פאנטאסטישער פּלאן, די פאָלקלאָריסטיש־סענטימענטאלע געמיטלעכקײַט, דער אינטימער לירִיזמ, די סאטיריש־פובליציסטישע שטעלן, דער גאָסטישער „מע זאָגט" און א ריי אנד. שטריכן — דאָס זײַנען שוין אלץ באוווסטע טייפישע אטריבוטן, מיט וועלכע דער לייענער איז שוין באקאנט פונ זײַנע פריִערדיקע ווערק. מע

קענ נאָכ דערבײַ צוגעבנ, אז אָט די דאָזיקע עלעמענטנ זײַנעג אינ די פריערדיקע שאפונגענ אָפט געווענ אסאכ עפעקטפולער, אדאנק זייער אומדערווארטעטקײַט אונ פריש־קײַט. איצט, אינ דער נאָוועלע „פראָלעטארקע" סטארטשעט שוינ קענטיק ארויס אינ א רײ ערטער דעמ דיכטערס קאלטע, ראציאָנאליסטיש־פלאנירטע סכעמאטישקײַט. באזונ־דערס איז עס קענטיק באמ אויסנוצנ א צווייטנ מאָל דעמ דערמאָנטנ „מע זאָגט", וואָס מיר ווייסנ שוינ פונ זײַנ פאָעמע „וועגנ דעמ פעטנ קאבאנ". דאָ, אינ דער נאָוועלע, איז עס מעכאניש ארײַנגעצויגנ (זע ז. 49־50, די איבערגאנג־סטראָפע: „איבער וועלכע עס טראָגנ זיכ..."), כאָטש אנ אונ פאר זיכ זײַנענ די דאָזיקע סטראָפנ גאנצ אויסדרוקפול אונ שפיגלענ אָפ, דורכ לײַכטער איראָניש־הומאָריסטישער שפילעוודיקײַט, וויכטיקע פראָצעסנ פונ נײַעמ לעבנ־שטייגער.

ביכלאל דארפ מענ אופמערקזאמ מאכנ טייפנ, וואָס אויכ אינ דער פאָעמע, ווי אינ א רײ אנדערע (דאָ, עמעס, אסאכ וויניקער) האָט ער, פארנאכלעסיקט א רײ דעטאלנ, וואָס האָבנ א שײַכעס צו דער שפראכ, ריטמ אונ קאָמפאָזיציע. אָדער אפילע צו דעמ עצעמ אינהאלט.

א כאראקטעריסטישער בײַשפיל:

אפ ז. 88, הייבט אָנ טייפ אנטוויקלענ אנ אינטערעסאנטנ מאָטיוו אונ ריטמ, וואָס דערמאָנט דעמ היינישנ פראָלאָג צו „דער הארצ־רײַזע"—

„הויכע קאָרפוסנ, וועבער־געבײַדעס,
ארבעטער־קיכנ אונ זאלנ,
ליכטיקע צימערנ, פענצטער געראמע..."

אונ שאפט אנ אומדערווארטעטנ קאָנטראסט צו די היינישע „גלאטע דאמענ אונ הערנ". דער דיכטער גליטשט זיכ אָבער באלד אראָפ פונ זײַנ קינסטלערישער „ציטאטע" אונ פאר־ענדיקט שוינ די סטראָפע מיט אבי וואָס:

„ווו עס שפילנ טויבנ מיט שטראלנ".

נאָכ מיט א פאָר גוטע סטראָפנ שפעטער, קומענ שוינ די גאָר „פראָזאִישע" איבער־כאזערונגענ:

„פונ די וועבער-געבײַדעס גייענ אינ לאנד
פידלער אונ קאָמוניסטנ,
העלדנ פונ ארקטיק אונ סטראטאָספער,
ספאָרטסמענער אונ שאכמאטיסטנ,
מאטעמאטיקער, געלאָנגע יונגע
מיט א ניכטערנ שארפנ בליק" א. אז. וו.

שוינ אָפגערעדט, וואָס די „הורטאָוונע" אײַנטיילונג „פידלער אונ קאָמוניסטנ" איז א לאָנישער אונ, נאטירלעכ, פרינציפיעלער ליאפסוס, נאָר די גאנצע לעצטע אויסרעכענונג ביכלאל איז דאָ מעכאניש צוגעטשעפעט.

אָבער ס'איז אינטערעסאנט די עצעמ טעמע, די דרייסטקײַט מיט וועלכער טייפ נעמט זי רעאליזירנ. עס פילט זיכ שוינ די געניטע האנט פונ א זעלבסטשטענדיקנ מײַסטער, וועל־כער קאָנ סיסטעמאטיזירנ, רעגולירנ אונ „צאמענ" זײַנ אידיי אונ פאנטאזיע, דעמ אָביעק־

טיונ מאטעריאל פונ דער רעאלערווירקלעכקײַט אונ קאָנ דאָס אלצ אונטערוואַרפנ די אגיטאציאָנעלע אונ פּראָפּאגאנדיסטישע צילנ, וואָס עס פאָדערט דער קאמפ פארנ סאָציאַליזם, אונדזער „דיכטונג“ אונ „ווארהײַט“.

די צענטראלע פּראָבלעמ, וועלכע דאָ ווערט געשטעלט אונ געוויזנ, איז די ארבעטער־פרוי, די „פּראָלעטארקע“. אָבער דאָס איז ניט קיינ פאָרגעשריטענע פּראָלעטארקע, א רעוואָליוציאָנער־באוווּסטזיניקע ארבעטערנ, נאָר א באשטימטער שיכט ארבעטער־פרויענ, וואָס האָט נאָכ ניט, אינ העסקעמ מיט דער פאָלקלאָר־ליד, דעמ באוווּסטזײַנ פונ קאמפ פאר באפרײַונג. דעריבער אסאָציירט זי זיכ טאקע באמ דיכטער מיט ווינטשעווסקיס „דרײַ שוועסטער“:

„אונ דאָס איז געווען די יינגסטע
פונ די דרײַ באקאנטע שוועסטער,
וועגנ וועלכער מע זינגט אינ א ליד:
„אינ ענגלאנד איז דאָ א שטאָט לעסטער“...

בא ווינטשעווסקינ איז עס די שוועסטער, וואָס „האנדלט מיט בלומענ“, באמ דיכטער פונ דער „פּראָלעטארקע“ איז עס די מיידל, וועלכע ווארפט זיכ „פונ בריק אונ אינ טײַכ“ (לויטנ פאָלקלאָר־אויסדרוק), אונביידע פרויענ־פיגורנ

„האָט גוט אָפּגעטעסט
דער שווארצער הובל פונ נויט“ („פּראָלעטארקע“).

אונ ביירע:

„פאראכטנ די וועלט, מיט דער שטאָט, מיט דער גאס“.
(„דרײַ שוועסטער“)

אָט מיט דער „פּראָלעטארקע“ פונ די קאפּיטאליסטישע לענדער, נעמט זיכ עס דער דיכטער שפּאצירנ איבער אונדזער סאָציאַליסטישנ לאנד, איבער אונדזער סאָוועטישער שטייגערישער „פּאנאָראמע“.

טייפ האָט דאָ אייגנארטיק, אויסגעהאלטנ אינ דעמ פּרימיטיווּנ „פאָלקסטימלעכנ“ נוסעכ פונ ווײַזנ דעמ „האָב אונ גוטס“, אינ עטלעכע געדיכטע שטריכנ פונ קאָנטראס־טירנדיקע שטייגערס, אנטפּלעקט פאר דער ארבעטער־פרוי די צוויי באזונדערע וועלטנ די וועלט פונ קאפּיטאליזם פונ וועלכער:

„... עס טראָגט זיכ א גערוכ
פונ שאנדהײַזער אונ כיילעווגע ליכט“

אונ טראָגט אומקומ פאר דער ארבעטער־פרוי אונ די וועלט פונ סאָציאַליזם, ווו עס הערנ זיכ:

„פריילעכע לידער פונ וועבערס יונגע,
פונ קינדער מיט ביינדעלעכ שטארקע,
אונ פונ מוטערס, וואָס זײַנגענ באפרײַט
פונ פאבריקאנט, פּרימוס אונ טארטקע“.

דעמ שרײַבער פעלנ ניט קיינ אָביעקטנ מיט וואָס דעמאָנסטרירנ פאר דער פארלאָרע־נער ארבעטער־פרוי אונדזערע דעראָבערונגענ! די „טיר“־בײַדל, די ארקע פאר ארבעטער־ספּאָרט, די אָפּגענומענע בא די קאפּיטאליסטנ ליכטיקע, געראמע געבײַדעס, אינ וועלכע עס

ווינען סאָוועטישע ארבעטער־פרויען, דער יאָנטעוו פון 8־טן מארט, וואָס ווערט ברייט געפייערט בא אונדז אין לאַנד און צו וועלכן די סאָוועטישע ארבעטער־פרויען קומען מיט פריידיקע באריכטן פון נייַע זיגן און דערגרייכונגען אפן געביט פון אומוואָרפן דאָס אַלטע און בויען דאָס נייַע. אויך די רעוואָליוציאָנערע פרוי פון די קאפּיטאַליסטישע לענדער, וועלכע שמאכט אין די פאשיסטישע טורמעס קומט צו גיין, ווי א גאסט און אייגענע, מיט א באריכט פון אָפּגעטאָנענער ארבעט אפן געביט פון אקטיוון רעוואָליוציאָנערן קאמף פאר באפרייַונג. זי ברענגט אויך:

„א גערוס פון די אייַזערנע בריקן,
אונטער וועלכער עס פליסט דער טויט,
... פון די מוטערס, וואָס טרוימען
נאָך א ביסעלע מילך און ברויט".

ענדלעך, די יונגע אקטריסעס, וועלכע זינגען רעוואָליוציאָנערע לידער און בא וועמען עס קלינגען די „אמאָליקע סטראָפעס" פון רעוואָליוציאָנערן קאמף, ווי „טעלעגראמעס פון טאָג".

פארשטייט זיך, אז מיט דעם שעפט זיך נאָך ווייַט ניט אויס די דראַבערונגען פון דער ארבעטער־פרוי אין לאַנד פון סאָציאַליזם, אָבער דאָס, וואָס איז שוין דערמאָנט, גיט שוין א גענוג בוילעטע אילוסטראציע צו דעם גליקלעכן גורל פון דער סאָוועטישער ארבעטער־פרוי, די

„... טויזנטער מיליאָנען
פרויען־סאָפּראַנאָס",

וועלכע זינגען:

„א געמיינזאמע ליד
מיט אונדזערע דרייסטע באריטאָנען".

אַלזאָ, די פּאָעמע האָט באַשטימט: אי לויט איר צענטראַלער אידיי, אי לויט דעם גאנצן קרייַז מאָטיוון און לירישן־עפּישער אויספאָרמירונג, א פּאָליטישע און קינסטלערישע באַדייַטונג. טייפּ טיילט דאָ אויס איינע פון אונדזערע וויכטיקסטע דערגרייכונגען — די פולשטענדיקע באפרייַונג פון דער ארבעטער־פרוי פון איר קנעכטישער פארגאנגענהייַט, איר גלייַכבארעכטיקטע לאַגע, איר אקטיוון אָנטייל אין אונדזערע קאמפן און בויונגען. איינצייַטיק — די אומדערטרעגלעכע לאַגע פון דער ארבעטער־פרוי אין די קאפּיטאַליסטישע לענדער, וועמען עס ווערט געוויזן דער איינציק־ריכטיקער אויסוועג — דער וועג פון דער פאָרגעשריטענער רעוואָליוציאָנערער ארבעטער־פרוי, וועלכער ס'קומט אויס צו פירן א פארביסענעם און בלוטיקן קאמף קעגן דעם קאפּיטאַליזם און פאשיזם, קעדיי קומען צו דער לאַגע פון דער סאָוועטישער פרוי, וואָס האָט שוין געזיגט און בויט די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט.

מע דארף נאָך צום סאָף אנערקענען, אז דער מעטאָד, וואָס דער דיכטער האָט זיך אויסגעקליבן, איז זייער א שווערער. טייפּ שפּילט שטענדיק אפן דער ראָמאַנטישער אויסטערלישקייַט און איבערראַשונג, אפן עפעקט, און דאָס איז ביכלאַל א ריזיקאַלער איניען, ווייַל עפעקטן און „אויסטערלישקייַטן" קאָן מען קיין סאך ניט געבן, אנדערש פארלירן די עפעקטן זייער ווירקונג־קראַפט. טייפּ שטרעבט טאקע שטענדיק צו זייַן נייַ. ער האָט א

רײַכע פאנטאזיע און פאָרשטעלונג־פײַקײַט. די פּאָעמע איז א פארסאכאקלענדיקער פרווו צוגיין מיט א זעלבשטענדיק־דערוואָרבענעם שאפונגס־מעטאָד צו רעאליזירן א נײַע טעמע, — א טעמע זייער א ווייכטיקע און אקטועלע און נאָך ווײַט ניט קיין אויסגעשעפּטע אין דער פּאָעמע גופא.

דער פרווו באווײַזט, אז טיף האָט נאָך אלץ ניט אופגעהערט צו טראכטן און פאר־טראכטן זיך איבער זײַן שאפונגס־מעטאָד, איבער פראגן פון פאָרם ביכלאל, וואָס דארף אים געבן די מעגלעכקײַט צו קומען מיט א „פרישן וואָרט און פײַערפעסטע פערזן".

# א שרייבער—א קעמפער

## דאטעס פונ לעבנ אונ שאפנ פונ אנרי בארביוס

★ וואָס פאר א גרויסנ שעפערישנ וועג עס איז דורכגעגאנגענ דערדאָזיקער פלאמיקער טריבונ, דער קריגערישער קעמפער פונ דער פענ! בארביוס איז געבוירנ געוואָרנ אינ 1874 י. אינ 1895 י. האָט דער יונגער דיכטער ארויסגעלאָזנ א בוכ לידער („די וויינערנס"), וואָס יעדע שורעלע זייערע איז געווענ פול מיט אומעט. דאָס בוכ האָט צוגעצויגנ די אויפמערקזאמקייט פונ דער קריטיק, דעמ יוגנטלעכנ האָט מענ פאָרויסגעזאָגט א גרויסע באַרימטקייט. אינ די ראָמאנענ „די בעטנדיקע" (1903 י.) אונ „גענעמ" (1909 י.) האָט בארביוס דרייסט אונ פילבאדייטנדיק געשטרעבט צו אנטבלויזנ די מיִעסע דערשיינונגענ פונ דער בורשזואזער ווירקלעכקייט. די מענטשלעכע ליידנ—אָט איז די טעמע, וואָס רעגט דאָ אויפ דעמ קינסטלער; דאָס פילנ דעמ אָנוואקסנדיקנ קריזיס,—אָט וואָס עס צווינגט אימ צו זוכנ ווייטיקדיק אנ ענטפער אפ די ארויסגערופענע פראגעס.

★ די שוידערלעכקייטנ פונ דער אימפעריִאליסטישער שכיטע רעגנ אויפ דעמ סייכל אונ די הארצ פונ קינסטלער. אינ די נאכט־אויסשפירונגענ, אינ די טראנשייענ, אינ די שפיטאָלנ זוכט ער אונ צולעצט געפינט ער ווערטער, וואָס דריקנ אויס זיינ באציִונג צו דעמ אלעמענ וואָס קומט פאָר. דורכנ פראָנט האָט ער אויסגעשטרעקט א האנט צו קארל ליבקנעכטנ. פראָטעסט אונ האס דרינגענ דורכ זיינ בוכ „אינ פייער", וואָס יעדע זייטל זיינע איז,—ווי עס האָט געשריבנ וועגנ אימ מאקסימ גאָרקי,—„א קלאפ פונ דעמ אייזערנעמ האמער פונ עמעס איבער דער גאנצער מאסע פונ לעבנ, איבער דער פאלשקייט, צווייפענימדיקייט, רעציכע, שמוצ אונ בלוט, וואָס אינ סאכאקל ווערט דאָס אָנגערופנ מילכאָמע".

★ מער ווי אינ 200 אויסגאבעס איז דערשינענ „דער טאָג־בוכ פונ איינ ווזוואָד" (דאָס אונטערקעפל פונ בוכ „אינ פייער"). עס איז ניט געווענ אזא לאנד אפנ ערד־קיילעכ, ווו עס זאָל ניט דערגיינ דידאָזיקע אופגערעגטע אגיטאציע פונ האס צו מילכאָמע. אינ אונדזער לאנד איז דער ראָמאנ „אינ פייער" ניט איינמאָל ארויסגעלאָזנ געוואָרנ אינ אסאכ אויסגאבעס אונ אינ 1934 י. איז ער דערשינענ אינ א מאסנטיראזש אינ דער „ביליקער ביבליאָטעק" פונ מעלוכע־פארלאג.

★ נאָכ דער מילכאָמע איז בארביוס די גאנצע צײַט פארנומען מיטן סאָציאַליסטישן קאמפּ. דער קינסטלער, דער אינטעליגענט, באפרײַט זיכ פונ די איבערלעבענישן פונ דער קליינבירגערלעכער אידעאָלאָגיע. צוזאמענ מיט וואיאנ קוטיוריע שאפט ער „א רעפּובליקאנישן פארבאנד פונ די געוועזענע פראָנטאָוויקעס“. ער אָרגאניזירט דעם זשורנאל „קלארטע“ („קלאָרקײַט“) ארומ וועלכנ עס קאָנצענטרירט זיכ די גאנצע בליִונג פונ דער אייראָפּיישער ראדיקאלער אינטעליגענצ. אינ 1919 י. האָט ער אָנגעשריבנ דעמ ראָמאנ „קלאָרקײַט“. אינ נײַעמ בוכ ווענדעט זיכ בארביוס צו יענע, וואָס זײַנען דורכגעגאנגענ דעמ פײַער פונ מילכאָמע און וואָס האָבנ געדארפט זי פײַנט קריגנ, כּונקט אזוי ווי דער קינסטלער. דידאַזיקע יאָרנ ביזנ 1923 י., ווענ ב א ר ב י ו ס ק ו מ ט א י נ ד י ר י י ע נ פ ו נ ד ע ר ק אָ מ ו נ י ס ט י ש ע ר פּ א ר ט ײ אפּ צו קעמפנ פאר אירע אידעאלנ אפנ גאנצנ לעבנ, די יאָרנ פונ פּאָליטישער רײַפקײַט, זײַנען אָפּגעשפּיגלט אינ דער זאמלונג „ד י ר ע ד ע ס פ ו נ א ק ע מ פּ ע ר“. פונ די שפּאלטנ פונ דערדאָזיקער זאמלונג הויבט ער אופּ זײַנ שטימ צו באשיצנ דאָס לאנד פונ די סאָוועטנ.

★ ווענ עס דערגייענ צו פאריזש די ערשטע יעדיִעס וועגנ דער כאִישער צעבושעווּעטקײַט פונ צאנקאָווס טעראָר אפּ די באלקאנענ, אײַלט זיכ בארביוס צומ אָרט פונ די געשעענישן. מיט בלאָקנאָטנ, אָנגעלאָדענע מיט פארנאָטירונגען, קערט ער זיכ אומ צומ שרײַבער־טיש. אזוי ווערט געבוירנ דאָס בוכ „ה ע נ ק ע ר“, וואָס דעקט אופּ לײַדנשאפטלעכ דעמ פאשיסטישנ רעזשימ פונ די טפּיסעס און טויט־שטראָפנ. בארביוס פארכאפט די ברייטע קרײַזנ פונ דער אינטעליגענצ מיט זײַנ רופ צומ קאמפּ קעגנ פאשיזמ.

★ ב א ר ב י ו ס דורשט נאָכ שאפונג, ווייס ניט פונ קיינ גרענעצ. בלויז פארענדיקנדיק דעמ היסטאָרישנ ראָמאנ „ר ו נ ג ע נ“, פאָרט ער ארומ איבער פסםר א צופרידענער פונ אופרעגונג און פונ די באגעגענישן, באקאָנט ער זיכ מיט דער ארבעט און שטייגער פונ די נײַע מענטשן, וואָס זײַנען געבוירנ געוואָרנ דורכ דער רעוואָליוציע. פונ אונטער זײַנ פענ דערשײַנט א ווערק, וואָס זײַנ ציל איז צו דערציילנ זײַנ גאנצנ עמעס וועגנ דעמ סאָציאַליסטישנ לאנד. דעמדאָזיקנ בוכ האָט בארביוס געגעבנ א נאָמענ: „150 מ י ל י אָ נ ש א פ נ א נ ײַ ע וו ע ל ט“. דאָס נײַע ווערק פונ דעמ שרײַבער דעמ קאָמוניסט ווערט גלײַכ איבערגעזעצט אינ אלע אייראָפּיישע שפּראכנ. דאָס בוכ טוט זײַנ זאכ.

★ ב א ר ב י ו ס א י ז א ו מ ד ע ר מ י ד ל ע כ! ערשט נעכטנ האָט ער אויסגעבעסערט דעמ מאנוסקריפּט פונעמ נײַעמ היסטאָריש־ביאָגראפישנ ראָמאנ, ערשט נעכטנ האָט ער פאנאנדערגעקליבנ א הויפנ דאָקומענטנ וועגנ די 80־ער יאָרנ אינ פראנקרײַכ, ערשט נעכטנ איז זײַנ געדאנק געווענ צוגעשמידט צו זאָליאס געשטאלט,—און הײַנט שטייט ער א הויכער, עטוואָס אײַנגעבויגענער, מיט פײַערדיקע אויגנ אפּ דער טריבונע פונ אמסטערדאמער קאָנגרעס. דאָס איז געווענ אינ 1932 י.

★ זײַנע באגײַסטערטע לײַדנשאפטלעכע רעדעס קעגנ מילכאָמע און קעגנ פאשיזמ דונערנ, אריבערפליִענדיק די גרענעצנ, איבער דער גאנצער וועלט. ער אָרגאניזירט, פירט דורכ געלט־זאמלונגען, שרײַבט אופרופנ, פלוג־בלעטלעכ, ער שלאָגט די סאָנימ מיט דער פענ און מיטנ וואָרט. „איכ באשולדיק“,—האָט ער מיט דער גאנצער שטימ א געשריי געטאָנ איגעמ פאמפלעט, וואָס איז געווענדעט קעגנ טארדיעס קאבינעט און קעגנ זײַנ נידערטרעכטיקער ראָליע אינ די טעג פונ דער „גאָרגולאָווטשינע“.

★ אינ 1934 י. האָבנ דעמ פלאמיקנ טריבונ געזענ 5 הויפּט־שטעט: ק אָ פּ ע נ ה א־

ג ע נ, מ א ד ר י ר, מ אָ ס ק ו ו ע, ל אָ נ ד אָ נ א ו נ ז ש ע נ ע ו ו ע. לויט זײַנ רופ האָט זיכ אינ פאריזש צונויפגעקליבנ דער צווישנפעלקערלעכער יוגנט־קאָנגרעס אפ צו באַ־האנדלענ דעם פלאנ פונ קאמפ אונ מילכאָמע קעגנ פאשיזמ. העכער 1 מיליאָנ מענטשנ זײַנענ בײַגעווענ אפ די מיטינגענ קעגנ דער מילכאָמע אונ פאשיזמ, וואָס זײַנענ אײַנגע־אָרדנט געוואָרנ בײַס בארביוס קומענ אינ אמעריקע. אלעמענ איז באקאַנט די ראָל, וועלכע בארביוס האָט געשפילט, אינעמ שאפנ דעמ צווישנפעלקערלעכנ אנטימיליטערישנ קאָמי־טעט, אונ נאָכ גאָר ניט לאנג: דעמ פאריזשער צווישנפעלקערלעכנ קאָנגרעס צו פארטיידיקנ די קולטור.

★ „דער שרײַבער פארגעסט קיינמאָל ניט, אז ער איז א שרײַבער“,—האָט אמאָל גע־זאָגט בארביוס. לאנג אונ אקשאָנעסדיק האָט דער קינסטלער־קאָמוניסט געארבעט איבערנ געשטאלט פונ גרויסנ פירער פונ פראָלעטאריאט—דעמ כ׳ סטאלינ. ער האָט פארהיט זיכ־רוינעס וועגנ פערזענלעכע באגעגענישנ, האָט צונויפגעזאמלט דאָקומענטנ, צײַגענישנ פונ נאָענטע כאווײרימ, האָט דערלערנט די פארטיי־געשיכטע.

„ס ט א ל י נ“—דאָס איז די לעצטע ארבעט פונעמ שרײַבער דעמ קעמפער, א בוכ וואָס איז פאר א קורצער צײַט געוואָרנ ברייט באוווסט.

★ פלענער אונ פארטראכטונגענ... זיי זײַנענ איצט פארבליבנ ווי דאָקומענטנ פונ איי־נער אונ דערזעלבער אומדערמידלעכער ארבעט פונעמ קריגערישנ גערדאנק, וואָס איז דער אָנגעזעענער שטריכ פונ א נ ר י ב א ר ב י ו ס נ.

# כראָניק

## ווײַסרוסישע סאָוועטישע ענציקלאָפּעדיע

דער אופּבלי פונ די נאַציאָנאַלע קולטורנ באַ אונדז אינ סאָוועטנפאַרבאַנד האָט געשאַפנ מעגלעכקײַטנ צו אָנהייבנ א גרויסע ארבעט אפ ארויסגעבנ אינ די נאַציאָנאַלע רעפּובליקנ פונ אוקראַינע, גרוזיע, אַרמעניע אונ ווײַסרוסלאַנד סאָוועטישע ענציקלאָפּעדיעס.

די ווײַסרוסישע סאָוועטישע ענציקלאָפּעדיע איז אייסגערעכנט אפ 10 בענדער. דער טעמאַטישער מאַטעריאַל וועט ארומכאַפּנ ניט נאָר די היסטאָרישע פאַרגאַנגענהײַט פונ ווײַסרוסלאַנד—אַלס א קאָלאָניע פונ צאַריזם, די סאָציאַליסטישע בויונג אונ די בויונג פונ דער נאַציאָנאַלער קולטור אינ ו.ס.ס.ר., זי וועט אויכ באַלײַכטנ א ריי פּראָבלעמעס פונ אַלפאַרבאַנדישער אונ צווישנפעלקערלעכער באַדײַטונג. א היפּש אָרט וועט פאַרנעמענ אינ דער ענציקלאָפּעדיע א ריי פראַגנ פונ דער ייִדישער קולטור.

46000 טערמינעס ווערנ ארײַנגענומענ אַלס מאַטעריאַלנ אינ דער ווײַסרוסישער ענציקלאָפּעדיע (32 מיליאָנ דרוק־צייכנס), 49 אָפּטיילונגענ פונ פאַרשיידענע געביטנ פונ וויסנשאַפט אונ טעכניק.

צווישנ די 500 אווטערנ, וועלכע באַטייליקנ זיכ אינ דער ענציקלאָפּעדיע גייענ ארײַנ די באַוווסטע געלערנטע פונ ווסר אונ פונעמ ראַטנפאַרבאַנד. צווישנ זיי וועט זיכ אויכ באַטייליקנ דער רודערער פונ קאָמינטערנ— כ׳ געאָרגי דימיטראָוו.

די ווײַסרוסישע סאָוועטישע ענציקלאָפּעדיע פירט דורכ א גרויסע צוגרייטונג־ארבעט. זי לאָזט ארויס א ריי בראָשורנ מיט פּראָיעקטירנדיקע טערמינענ, וועלכע וועלנ דאַרפנ ארײַנגיינ אינ דער ענציקלאָפּעדיע. די טערמינ־בראָשור.נ וועלנ ארויסגעלאָזנ ווערנ פאַר דער ברייטער באַהאַנדלונג פונ דער געזעלשאַפטלעכקײַט אונ פאַר די ספּעציאַליסטנ פונ דעמ געגעבענעמ געביט. צווישנ זיי וועט אויכ דערשײַנענ א טערמינ־בראָשור פונ דער קינסטלערישער ליטעראַטור.

פאַרנ 1936 יאָר וועלנ דערשײַנענ די ערשטע 2 בענדער. דער ערשטער באַנד איז שוינ אָפּגעגעבנ אינ דרוק. צווישנ די מאַטעריאַלנ פונ ערשטנ באַנד גייענ ארײַנ א ריי נעמענ פונ שרײַבער פונ דער ייִדישער ליטעראַטור: אקסעלראָד (אווטער י. בראָנשטיינ), אקסענפעלד, אַלבערטאָנ, אַנסקי, אש שאָלעמ, באַלמאַכשאָוועס א. אנד.

## פּלענומ פונ פאַרוואַלטונג פונעמ פאַרבאַנד סאָוועטישע שרײַבער פונ ווײַסרוסלאַנד

דעמ 15־טנ אָקטיאַבער וועט פאָרקומענ דער אָרדנטלעכער פּלענומ פונ פאַרוואַלטונג פונ פאַרבאַנד סאָוועטישע שרײַבער מיט פאָלגנדיקער טאָג־אָרדענונג:

פאָרטראַג [פונעמ פאָרזיצער פונ פאַרבאַנד סאָוועטישע שרײַבער — כ׳ מ. קלימקאָוויטש. — די ווײַסרוסישע סאָוועטישע ליטעראַטור נאָכנ 1־טנ אַלפאַרבאַנדישנ שרײַבער־צוזאַמענפאָר

סוב־פאָרטראַג פונ כ׳ א. אַלעקסאַנדראָוויטש—די ווײַסרוסישע פּאָעזיע פאַרנ דורכגעגאַנגענעמ יאָר

סוב־פאָרטראַג פונ כ׳ אי. כאַריק—די ייִדישע פּאָעזיע אינ ווײַסרוסלאַנד פאַרנ דורכגעגאַנגענעמ יאָר

פאָרטראַג פונעמ כ׳ י. בראָנשטיינ—דער שעפערישער וועג פונ איליא ערענבורג.

וועגנ די נײַ־דערשינענע ביכער פאַרנ יאָר:

פאָרטראַג פונ כ׳ גלעבקאָ—וועגנ פ. האַלאָוואַטשס ראָמאַנ—„דורכ יאָרנ“

פאָרטראַג פונ כ׳ לינקאָוו—וועגנ ק. טשאָרניס ראָמאַנ „דריטער דאָר“

פאָרטראַג פונ כ׳ זאַרעצקי—וועגנ ביאַרולעס דערציילונג „דערנעענטערונג“

פאָרטראַג פונ כ׳ דאַמעסעק—וועגנ קולבאַקס בוכ „זעלמעניאַנער“

# אינהאלט:


א. אלעקסאנדראָוויטש—דער צוקונפט אנטקעגנ (ליד) . . . 3

ש. גאָדינער—בירעבידזשאנצעס (דערציילונג) . . . . . 4

ה. שוועדיק—לידער . . . . . . . . . 21

ל. קאצאָוויטש—הומאָרעסקעס . . . . . . . 24

ר. בוימוואָל—לידער . . . . . . . . 31

ש. פערסאָוו—שאכא (דערציילונג) . . . . . . 33

ש. ראָסינ—אונ איצטער א ליב צו דער זונ (לידער) . . . 47

ד. רובינשטיינ—דער 7־טער קאָנגרעס פונ קאָמינטערנ . . . 52

מאקס עריק—מענאכעמ־מענדל . . . . . . . 69

י. סערעבריאני—מיט דער אייגענער שטימ . . . . . 91

דאטעס פונ לעבנ אונ שאפנ פונ | אנרי באריביוס | . 96

כראָניק . . . . . . . . . . . . 99


---


פאראנטוואָרטלעכער רעדאקטער—איזי כאריק

רעדקאָלעגיע: ז. אקסעלראָד, א. אָשעראָוויטש, אָ. בער, י. בראָנשטיינ, א. דאמעסעק, אי. כאריק, מ. קולבאק, ל. ראָזענהויז.

באשטעלונג 764. דרוקערײַ א. נ. סטאלינ—מינסק. גלאווליטבעל 4280

ЗМЕСТ

*Стар.*
А. Александровіч—Насустрач будучыні (верш) . . . . . 3
Ш. Годынер—Бірабіджанцы (аповесць) . . . . . . . 4
Г. Шведзік—вершы . . . . . . . . . . . . . 21
Л. Кацовіч—гумарэскі . . . . . . . . . . . 24
Р. Боймвол—вершы . . . . . . . . . . . . 31
Ш. Персаў—Шаха (аповесць) . . . . . . . . . . 33
Ш. Росін—А зараз хвала сонцу (вершы). . . . . . . 47
Д. Рубінштэйн—VII Кангрэс Комінтэрна . . . . . . 52
Макс Эрык—Менахэм-мендл . . . . . . . . . . 69
І. Серэбраны—Сваім голасам . . . . . . . . . . 91
Даты жыцця і творчасці **Анры Барбюса** . . . . . . . 96
ХРОНІКА . . . . . . . . . . . . . . . . 99

פרײַז 1 ר. 50 ק.

# ШТЭРН
# (ЗОРКА)

Літаратурна-мастацкі
і палітычна-навуковы
часопіс

ВЫДАННЕ
„Окцябр“
Менск, Рэволюц. вул., 2.